שרה פּאַט

# לעבן און שאַפֿן

60 יאָר אַרבעט
פֿאַר יידישער קולטור און קונסט
אין אַמעריקע

תל־אביב, ישראל
פֿאַרלאַג „אויפֿקום"
תשל"א — 1971

**Sarah Patt**

**Life and Work**


3401 W BALMORAL
CHICAGO IL 60625

U.S.A.


**שרה פּאַט / לעבן און שאַפן**

שער־בלאַט : שמעון דרורי




Printed in Israel 1970



דפוס „אורלי״, תל־אביב

# אינהאַלט

# אַרייַנפיר

די חשובע פריינדין שרה פּאַט איז ספּעציעל געקומען פון שיקאַגאָ קיין ישראל, כדי צו באַקענען זיך פערזענלעך און צו דערציילן אייניצלהייטן וועגן איר באַשיידענעם, פילזייטיקן און פּראָדוקטיוון יידישן קינסטלערישן שאַפן אין אַמעריקע אין משך פון 50 יאָר. זי האָט פיל דערציילט און האָט מיטגעבראַכט גוט אָפּגעהיטע מאַטעריאַלן, ווי פּראָגראַמען פון טעאַטער־פאָרשטעלונגען און קונסט־אויסשטעלונגען, ציַיטונגס־אויסשניטן און בילדער, פון וועלכע עס ווערט אויפגעשטעלט און מייסטערט זיך אויס איר בוך „לעבן און שאַפן", וואָס ווערט איצט דערלאַנגט דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

דאָס זאָגט צו צו זיין באמת אַ לעבנסבוך, אַ ביאָגראַפישע באַשרייבונג פון אַקטיוויטעטן, פון פילזייטיקער קונסט־ און קולטור־אַרבעט, וועלכע אָטעמט מיט פּיאָנערישקייט, מיט טאַלאַנט, מיט ליבע צום פאָלק און מיט אַן עקשנותדיקן קולטור־קאַמף פאַר יידישע גייסטיקע ווערטן, געבראַכטע פון דער יידישער היים אין רוסלאַנד און מיט דערפאָלג פאַרפלאַנצטע אויפן אַמעריקאַנישן באָדן, אין איינעם פון די חשובסטע צענטרען פון יידישן מאַסן־לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן — אין שיקאַגאָ.

ווי מיר וועלן זען פון דער דערציילונג פון דער קינסטלערין, האָט זיך איר איינגעגעבן אַרויסצורייסן זיך אין אירע בליענדיקע יוגנט־יאָרן פון צאַרישן רוסלאַנד, צו באַפרייען זיך פון די אומאויפהערלעכע גזירות און רדיפות, וואָס האָבן דאָרטן געלויערט אָן אויפהער איבערן יידישן פאָלק, און קומען אַ מוטיקע צו די אַמעריקאַנער ברעגן.

זי איז אָנגעקומען קיין שיקאַגאָ אין יאָר 1912 ניט נאָר מיט אַ פעסטן ווילן און באַשלוס צו ווידמען איר לעבן און טאַלאַנט דער יידישער קונסט, נאָר אויך שוין מיט פאַרטיקע פּיאָנערישע אויפטוען,

וואָס זענען דורך איר דערגרייכט געוואָרן אין רוסלאַנד, אין איר ביאַליסטאָקער היימשטאָט.

זי איז געקומען קיין אַמעריקע אַלס אַן אויסגעשפּראָכענע, פּראַקטיש ווירקנדיקע יידישע שוישפּילערין, און דערצו אין אונדזערע ביידע שפּראַכן פאַראיינס — אין העברעאישן און יידישן טעאַטער, וועלכע זענען ביידע געשטאַנען אין די אָנהייב־יאָרן, אין דער ערשטער תקופה פון זייער עקזיסטענץ.

ביאַליסטאָק איז געווען אין שרהס יוגנט־יאָרן דאָס וויגעלע פון העברעאישן טעאַטער. פון דערבייאיקן שטעטל ראָגאָזשיצע איז גע־קומען קיין ביאַליסטאָק דער גרונטלייגער פון העברעאישן טעאַטער, **נחום צמח**, דער שפּעטערדיקער גרינדער פון דער „הבימה", דעם באַרימטן העברעאישן טעאַטער אין מאָסקווע און שפּעטער דעם לאַנגיאָריקן און איצטיקן נאַציאָנאַלן טעאַטער אין תל־אביב. דאָס איז דעמלט געווען אַ ליבהאָבער־טעאַטער, וואָס האָט נאָך געהייסן „הבימה העברית" און האָט געשפּילט אָסיפּ דימאָווס „שמע ישראל".

**חיהלע גראָבער**, שפּעטער איינע פון די אָנגעזעענע שוישפּילערינס אין העברעאישן טעאַטער „הבימה", אויך אַ ביאַליסטאָקערין, שרייבט אין איר בוך „צו דער גרויסער וועלט"* וועגן דעם ערשטן אויפקום פון **נחום צמחן**:

„נחום צמח איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין ראָגאָזשיצע. ער איז געווען דער עלטסטער אין דער משפחה, ווו די מערסטע קינדער האָבן ניט געדענקט זייער פאָטער. זיין מוטער האָט געהאָפט, אַז נחום וועט זיין אַ רב. ער האָט אָבער ניט באַוויזן צו גרייכן די סמיכות הרבנות, ווייל ער האָט געמוזט אָנהייבן פאַרדינען חיונה פאַר דער משפּחה. יעדן טאָג פלעגט ער שפּאַנען פון דאָרף אין שטעטל, ווו ער האָט געהאַט עטלעכע העברעאישע לעקציעס. נאָך אַ קורצער צייט איז נחום געקומען קיין ביאַליסטאָק אָנצוהייבן די גרויסשטאָטישע קאַריער".

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן זיין פּיאָנערישער וועג צום העברעאישן טעאַטער און דאָ האָט זיך מיט אים דעמאָלט געטראָפן **שרה פּאַט**, אַ טאַלאַנטפולע אָנהייבערין מיט אַ ניט געזעטיקטן דראַנג צום

---

* פאַרלאַג „ביאַליסטאָקער וועגן" ביים ביאַליסטאָקער פאַרבאַנד אין אַרגענטינע. בוענאָס־איירעס 1952, זייטן 95—96.

פאָלקס־טעאַטער. אונטער זיין רעזשי האָט זי געשפּילט אין דער ראָם פון דער „הבימה העברית" די ראָל פון שרהן דער פרוי פון אהרון שיפער אין דימאָווס „שמע ישראל". זי איז אויפגעטראָטן אונטערן טעאַטער־פּסעוודאָנים שרקין, ווייל זי איז שוין דאַן געווען באַקאַנט אַלס אַקטיוויסטין פון דער יידישער זעלבשוץ און איז פאַר־פאָלגט געוואָרן דורך דער ביאַליסטאָקער פּאָליציי.

אויב אָבער שרה פאַטס אויפטריט אין העברעאישן טעאַטער אין ביאַליסטאָק איז געווען בלויז אַ ביאָגראַפיש וויכטיקער עפּיזאָד, וועלכער האָט אין אַ צייט אַרום געפונען זיין עפּיזאָדישן המשך אויך אין אַמעריקע, ווו זי האָט געשפּילט די ראָל פון רחלע, דעם רב ר' זרחס טאָכטער אין שלום אַשס „יצא וחזר", געשטעלט פון דער „הבימה העברית" אין יאָר 1923, איז איר גלייכצייטיק אויסגעפאַלן אויפצוטרעטן אַלס איינע פון די וויניקע ערשטע אָנטיילנעמערינס פון גוטן יידישן טעאַטער.

זי האָט צוערשט געשפּילט אין ביאַליסטאָק אונטער דער רעזשי פון יוליוס אַדלער, וועלכער איז געווען אויך אַ ביאַליסטאָקער און איז געשטאַנען אין דער התחלה־צייט פון זיין טעאַטראַלער קאַריערע. זי האָט מיט אים געשפּילט אין מאָליערס „דעם קאַרגן" און אין יעקב גאָרדינס „כאַסיע די יתומה".

אָבער וואָס עס איז געווען אומגעהויער וויכטיקער און קונסט־דערציערישער פאַר שרה פאַט, איז געווען איר גליקלעכע באַגעג־ניש מיט אסתר־רחל קאַמינסקי, דער מוטער פון גוטן יידישן טעאַ־טער, און איר אָנטייל אין אסתר־רחל קאַמינסקיס טעאַטער־פאָר־שטעלונגען. זי האָט אונטער איר רעזשי געשפּילט די „קרייצער סאָנאַטע" און אַנדערע טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

אין יענע יאָרן איז אסתר־רחל קאַמינסקי אַרויס פון איר ליט־ווישן היימשטעטל פּאָראָזאָווע, אין גראָדנער גובערניע, און האָט זיך דורך איר ריזן־טאַלאַנט, פאָלקסליבע און פלייס שנעל דערהויבן צו דער מדרגה פון דער „מאַמע פון יידישן טעאַטער". מיט איר מיט־צושפּילן איז געווען אַ באַזונדער זכות און אַן ערשטקלאַסיקע טעאַ־טער־שולע פאַר שרה פאַט.

איצט, צום הונדערטסטן געבוירנטאָג פון אסתר־רחל קאַמינ־סקי, ווערט ערשט אין אַ פולער מאָס אָפּגעשאַצט איר גייסטיקע גרויסקייט און פּיאָנערישקייט.

אַזוי שרייבט וועגן איר דער גרינטלעכער קענער פון יידישן טעאַטער און איינער פון אירע ייִנגסטע תלמידים **יאָנאַס טורקאָוו.***

„מאַמע אסתר־רחל — אַזוי האָט מען גערופן די גרויסע בינע־קינסטלערין. די באַצייכענונג „מאַמע" האָט באַטייט ביי איר נישט נאָר מוטערלעכע געפילן, ליבשאַפט און וואַרעמקייט, מיט וועלכע זי האָט אַרומגערינגלט סיי דעם עלטערן, סיי דעם ייִנגערן דור יידישע אַקטיאָרן, נאָר אויך דאָס, וואָס זי איז געווען דער סימבאָל פון דערציאונג און וועגווייזער פון אַ נייעם דור אַקטיאָרן און אַ נייעם טעאַטער־עולם. דאָס האָט זי טאַקע אַזוי פּאָפּולער און באַליבט געמאַכט סיי ביי די אַקטיאָרן, סיי ביי דעם „טעאַטער־עולם".

„נאָך אין אירע יונגע יאָרן, אין דער תקופה פון איר שוישפּילערישן אויפשטייג, איז אסתר־רחל קאַמינסקי געקרוינט געוואָרן פון דער יידישער שוישפּילער־משפחה ווי די מאַמע פון יידישן טעאַטער. און זי האָט גוט פאַרשטאַנען די אחריות, וואָס זי טראָגט אויף זיך. זי האָט געהאַט דעם אינערלעכן כוח צו פירן אירע טעאַטער־קינדער אויף נייע וועגן, אויף וועלכע קיינער האָט ביז דעמלט נישט געוואַגט צו גיין".

„אסתר־רחל קאַמינסקי איז אַרויף אויף דער סצענע אין אַ צייט ווען מען האָט נאָך אַפילו נישט געקאָנט טראַכטן וועגן שפּילן יידיש טעאַטער יעדן טאָג. טעאַטער־פאָרשטעלונגען זענען פאָרגעקומען בלויז ביי אַ יום־טובדיקער געלעגנהייט, נאָר מוצאי־שבת אָדער מוצאי יום־טוב. איז געקומען אסתר־רחל קאַמינסקי און האָט אַלע וואָכעדיקע טעג פאַרוואַנדלט אין יום־טוב פון יידישן טעאַטער..."

„אסתר־רחל קאַמינסקי איז געקומען צום טעאַטער אָן דער נייטיקער אויסבילדונג, אָבער אַ דאַנק איר נישט דורכשניטלעכן טאַלאַנט און אומגעהויערער אינטואיציע איז זי גיך געוואָרן דער שיינגייסט פון דער יידישער בינע. נישט האָבנדיק דורכגעמאַכט קיין טעאַטער־שול, האָט זי באַוויזן צו שאַפן אַן אייגענע, אייגנאַרטיקע שול און אַריינהויכן טעאַטער־קולטור — די צאַרטסטע און אויפריכטיקסטע. זי האָט פאַרמאָגט די זעלטענע אייגנשאַפט צו ווירקן און באַווירקן די סביבה, אין וועלכער זי האָט געלעבט און געשאַפן".

---

* יאָנאַס טורקאָוו „די מאַמע אסתר־רחל" (צום הונדערטסטן געבוירנטאָג פון אסתר־רחל קאַמינסקי). „לעצטע נייעס", 10 אַפּריל 1970.

„אסתר־רחל קאַמינסקי איז געווען אַן אינדיווידואַליטעט, וואָס האָט געקאָנט אָנצינדן און מיטרייסן. אַ מאַיעסטעטישע פיגור. שטאָלץ און אין דער זעלבער צייט עלאַסטיש און פול מיט חן. פון אירע אויסדרוקפולע אויגן האָט אַרויסגעלויכטן חכמה און גוטס־קייט און אַן ענערגיע, וואָס האָבן באַהערשט און מיטגעריסן מאַסן. איר אַרט שפּילן — פּשוט, צניעותדיק. איר שטים — אַ מעטאַלענע און גלייכצייטיק ליריש ווייך. אירע צאַרטע טענער האָבן געגלעט דאָס אויער און פאַרשאַפט נחת־רוח. מט איר נאַטירלעכן רעדן האָט זי געווירקט אוממיטלבאַר אויפן צושויער...״

„זי האָט געהאַט אַ פול האַרץ מיט גוטסקייט. עס איז גענוג געווען, אַז אַ מענטש זאָל האָבן איין גוטע אייגנשאַפט, אַז זי זאָל האָבן צו אים אַ סענטימענט״.

אויך איר טאָכטער אידאַ קאַמינסקי, איר גרויסע גייסטיקע יורשטע, שרייבט צום הונדערטסטן געבוירנטאָג פון איר מוטער אין זלמן זילבערצווייגס בוך „די וועלט פון אסתר־רחל קאַמינסקי״ :

„אומגליקלעך איז דער שוישפּילער דערמיט, וואָס ווען עס גייט אַוועק אַ דור, וואָס האָט אים געזען, פאַרבלייבן נאָך אים נאָר ווערטער, וועלכע קאָנען ניט איבערגעבן דעם איינדרוק, וואָס דער לעבעדיקער שוישפּילער האָט געמאַכט אויפן עולם. 44 יאָר איז שוין מיין מאַמע ניטאָ צווישן די לעבעדיקע און איך געדענק איר יעדן ריר, איר יעדע באַוועגונג. אין אויער קלינגען אַלע אירע טענער און פאַר די אויגן — יעדער אויסדרוק פון אירע אויגן...״

„זי איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ באַזונדער היימלעכקייט און וואַרעמקייט. מיין מאַמע איז געווען אַ שטראַלנדיקער מענטש און אַן אמתער העלד. אין די שווידערלעכסטע באַדינגונגען איז זי געווען לוסטיק און אונטערנעמעריש...״

זי האָט באַפליגלט אויך די יונגע שרה פאַט, האָט זי באַלאָדן מיט גייסטיקע כוחות פאַר דעם נייעם, נאָך ניט אויסגעטראָטענעם וועג.

*

אין יאָר 1912 איז שרה פאַט, אַ יונגע און ענערגישע, אַרויס־געפאָרן פון רוסלאַנד קיין שיקאַגאָ, אין די פאַרייניקטע שטאַטן, וועלכע זי האָט אויסגעוויילט אַלס צענטער פאַר איר פיליאָריקן לעבן און קינסטלערישן שאַפן.

די צייט און דאָס אָרט זענען געווען גינסטיק פאַר איר שאַפן און פאַר איר קינסטלערישער אַנטוויקלונג.

עס איז דעמאָלט געווען די שווערע און פּיינלעכע צייט פון דער פּאָליטישער רעאַקציע אין רוסלאַנד נאָכן דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פון יאָר 1905. פאַר די יאָרן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָבן זיך אויפגעזאַמלט אונטער דער פאָן פון „בונד", „פּועלי־ציון" און „ציוניסטן־סאָציאַליסטן" די בעסטע, שפּירזאַמסטע פאָלקסטימלעכע כוחות פון דער יידישער יוגנט, באַוווסטזיניקע אַרבעטער און אינטעליגענץ, די רייען פון וועלכע זענען שפּעטער אַכזריותדיק צעבראָכן געוואָרן דורכן צאַרישן טעראָר און דורך די אָרגאַניזירטע צאַרישע פּאָגראָמען. עס זענען געווען פיל אַנטוישטע, וועלכע האָבן פאַרלאָזן די אַרבעטער־באַוועגונג. די בעסטע כוחות האָבן זיך אָבער אָרגאַניזירט צום זעלבשוץ קעגן די פּאָגראָמען און צו יידישער קולטור־אַרבעט, וועלכע איז אויך ניט ווייניק געשטערט געוואָרן דורך דער צאַרישער פּאָליציי. אויך די יוגנטלעכע שרה פעט האָט זיך געראַטעוועט פון די צאַרישע רדיפות.

די פרייע לענדער אין מערב, באַזונדער דייטשלאַנד, ענגלאַנד, די שווייץ און די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן צו זיך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ. אויב אָבער די שווייץ און דייטשלאַנד, ווו עס זענען ניט געווען קיין ברייטע יידישע מאַסן און קיין מעגלעכקייט עקאָנאָמיש צו פאַרוואָרצלען זיך, זענען געווען ביכולת נאָר צו דינען אַלס פּאָליטישער אַזיל פאַר די צעשלאָגענע רעוואָלוציאָנערע טוער, האָט זיך געעפנט אַ ברייטע אַרענע פאַר יידישער קולטור־אַרבעט אין אַמעריקע מיט איר יידישן מאַסן־יישוב. און מיט דעם אומאויפהערלעכן שטראָם פון דער יידישער מאַסן־עמיגראַציע פון רוסלאַנד.

די פּראָגרעסיווע יידישע אינטעליגענץ, וואָס איז געווען צוגעבונדן צו דער יידישער שטאָט און שטעטל אין „תחום" און וואָס האָט אירע ערשטע יוגנט־יאָרן געלערנט אין חדר און אין בית־מדרש, האָט באַקומען אין יענע יאָרן פון דורכברוך אַ נייע אַרענע פאַר איר לעבן, שאַפן און קולטור־אַרבעט, ווי אויך פאַר איר אידעאישער טעטיקייט, וואָס איז געשטערט געוואָרן אין רוסלאַנד, אין די יידישע מאַסן־צענטרען אין אַמעריקע.

אין יאָר 1910 בערך הייבט זיך אָן צו פאָרמירן און אָרגאַניזירן

די קולטור־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פון דער איינגעוואַנדערטער יידישער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ אין אַמעריקע בכלל און גאַנץ באַזונדער אין שיקאַגאָ.

דאָ דערשיינען בולטע פיגורן פון שאַפער, וואָס זענען געקומען פון פּאָרויס צוגעגרייטע אויף די פאַרשידענע געביטן פון יידישער קולטור, ליטעראַטור און קונסט און האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט יידי־שער קולטור־אַרבעט גאַנץ באַזונדער אין שיקאַגאָ.

איינער פון די חשובסטע קולטור־טוער, וואָס האָט זיך באַפריינ־דעט מיט שרה פאַט זינט זיין אָנקומען קיין שיקאַגאָ און וועלכער האָט באַווירקט איר ליטעראַריש־דראַמאַטיש שאַפן, איז געווען **ישראל בער ביילין.**



ישראל בער ביילין

מיט דער הילף פון זיינע צוויי קוזינעס חיה און חנה עפשטיין אין שיקאַגאָ איז ער אין אַפּריל 1911 אַרויסגעריסן געוואָרן פון צאַרישן רוסלאַנד, וווּ ער איז געווען שטאַרק פאַרפאָלגט אַלס רעוואָ־לוציאָנער. מיטן אָנקום קיין אַמעריקע האָט ער פלייסיק געלערנט ענגליש, כדי אויפגענומען ווערן אין אוניווערסיטעט פון אינדיאַנאַ אין וואָלפּאַרייזאָ, און האָט שטודירט ענגלישע ליטעראַטור און געשיכטע.

אין יאָר 1913 האָט ער זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ. אין דעם זעלביקן יאָר איז ער שוין געווען איינער פון די שיקאַגער דעלעגאַטן צום ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער „יידישער סאָציאַליסטישער פע־דעראַציע" און איז נאָמינירט געוואָרן צום שטענדיקן יידישן איבער־זעצער פון אַלע סאָציאַליסטישע באַשלוסן. ער איז אויסגעוואַקסן ווי איינער פון די חשובסטע פּיאָנערן פון יידישער קולטור־ און שול־אַרבעט אין שיקאַגאָ.

שפּעטער האָט ער זיך באַפריינדעט מיט שרה פּאַט, און נאָך אין דעצעמבער 1955, האָט ער אין זיינעם אַ בריוו אויסגעדריקט זיינע געפילן פון אַכטונג און פריינדשאַפט צו איר און זי כאַראַקטע־ריזירט אַלס „אַ ווונדערבאַרן קולטור־מענטש".



קלמן מרמר

גרויס אין יענער צייט איז שוין געווען אויך די השפּעה פון **קלמן מרמר**, וועלכער האָט געלעבט אין שיקאַגאָ אין די יאָרן 1919—1921, בעת ער האָט געהאַט צונויפגעשטעלט דעם שיקאַגער „פאָרווערטס", און וועלכער האָט מיט זיין גרויסן לומדישן באַ־גאַזש, מיט זיין ברייטער אַלגעמיינער און יידישער בילדונג און מיט זיין טיפער פּאָלקסטימלעכקייט געוועקט און באַשטראַלט די קול־טור־אַרבעט אויף די ערטער, באַזונדער אין די יאָרן, וועלכע ער האָט געהאַט געלעבט אין שיקאַגאָ און איז געווען אַקטיוו אין דער דאָר־טיקער שול־ און קולטור־אַרבעט. ער האָט געהאַלטן לעקציעס איבער יידישער געשיכטע און אַלגעמיינע וויסנשאַפטן און האָט אָנגעפירט

אַלס פאָרזיצער די אַרבעט פון „משה העס־קלוב" (1912—1915) און דעם „פרעס־קלוב פאַר יידישע שרייבער" (1915—1919) אין שיקאַגאָ.

נישט ווייניק האָט געווירקט אויפן יידישן קולטור־לעבן אין שיקאַגאָ אויך זישע וויינפער. ער איז געווען אַן אַקטיווער קולטור־טוער, אַ קעמפער און בויער פון דער יידישער קולטור, ליטעראַטור און שפּראַך נאָך מיט איבער 20 יאָר איידער דער „איקוף" איז גע־גרינדעט געוואָרן. נאָך אַלס גאָר יונגער דיכטער אין אַמעריקע, נאָך אַלס „גרינער", וואָס איז ערשט געקומען פון יענער זייט ים, האָט ער זיך נישט באַנוגנט מיט זיין אייגענעם שרייבן נאָר האָט אַקטיוו געבויט ליטעראַרישע אויסגאַבן, וועלכע זיינען געוואָרן די ערשטע שולן און פּלאַטפאָרמעס פאַר אַ סך פון דער אויפגייענדיקער יידישער ליטעראַרישער יוגנט.*

אין יאָר 1914 האָט ישראל בער ביילין אָנגעהויבן פירן אַן אויפקלערונגס־אַרבעט פאַר דער גרינדונג פון אַ סאָציאַליסטישן גע־זאַנג־פאַריין, און אַ דאַנק זיינע אָנשטרענגונגען און דער פלייסיקער מיטאַרבעט מיט **יעקב שייפערן, אברהם קאָכאַנסקין, מאיר דובנאָוון** און אַנדערע, איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער יידישער אַרבע־טער־כאָר אין אַמעריקע.

שרה פאַט, האָט זיך, אמת, ניט אָפּגעגעבן מיט מוזיק און געזאַנג, אָבער אויפן געביט פון פאָלקלאָר איז זי דירעקט צי אומדירעקט — שעפעריש אינספּירירט געוואָרן אויך דורך דעם פּיאָנערישן אויפטריט פון יעקב שייפער, וועלכער האָט אויפגעלעבט און באַפרוכפּערט אין די פון אים געגרינדעטע פאָלקס־כאָרן די זאַפטיקע און האַרציקע יידישע פאָלקס־מוזיק.

דער יידישער פאָלקס־כאָר אין שיקאַגאָ האָט געשפּילט אַ וויכ־טיקע ראָל אין דער יידישער קולטור־געשיכטע אין אַמעריקע. ער איז ניט נאָר געווען אַליין פּראָדוקטיוו און שעפעריש, נאָר ער האָט צעזאַ־קערט דעם באָדן, אויף וועלכן עס זיינען זיך צעוואַקסן יידישע פאָלקס־כאָרן אין אַנדערע גרויסע יידישע יישובים אין אַמעריקע. די דאָזיקע פאָלקס־כאָרן זיינען געוואָרן קוואַלן פון דערפרישונג, צו וועלכע די ברייטסטע יידישע פאָלקס־ און אַרבעטער־מאַסן קומען זיך דערקוויקן, דערהייבן, דערציען, זאַפּן זיך אָן מיט פרישער ענער־

* משה כץ־בוך. אַרויסגעגעבן פון משה כץ־בוך־קאָמיטעט. ניו־יאָרק 1969, ז' 213.

גיע, מיט פרישן מוט, מיט נייע כוחות, מיט גייסטיקער דערהויבונג צו גיין אין די ווייטערדיקע קאַמפן... פאַר אַ געזיכערט לעבן אין אַ בעסערער וועלט...

נ. בוכוואַלד האָט געשריבן וועגן שייפערן:

„שייפער ביי דער אַרבעט": שייפער האָט געצערטלט דאָס פאָלקס־ליד. ער האָט קיין מורא ניט געהאַט פאַר חסידישע ניגונים און האָט געוווּסט ווי אויסצולייטערן דעם פאָלקס־געמיט דורך לידער און מעלאָדיעס"...*

און קלמן מרמר האָט צוגעגעבן:

„יעקב שייפער האָט געהאַט אַ פעסטע מיינונג וועגן ירשנען אַלטע יידישע קולטור־ווערטן. ער פלעגט מיט גרויס ערודיציע פאַרטיידיקן דאָס באַנוצן סינאַגאָגאַלע מאָטיוון. ער פלעגט דעמאָנסטרירן דעם גלגול פון אַ ניגון, באַווייזן ווי אַזוי געזאַנג ביי דער אַרבעט, אַ ליבע־מאָטיוו, אַ טאַנץ־מעלאָדיע איז דורך חזנים, אָפט קיין פאָלקס־מענטשן, פאַרטראָגן געוואָרן אין די הייליקסטע תפילות. אונדזער פליכט, פלעגט שייפער אויספירן, איז אַרויסצושיילן די דאָזיקע מוזיק פון איר רעליגיעזן שאָלעכץ און דאָס צוריקגעבן דעם פאָלק.**

אין יענע יאָרן איז שיקאַגאָ געווען אַ שעפערישער און באַזונדער באַשיידענער קולטור־צענטער. יידישע קולטור־כוחות זענען געווען דאָרטן ווייניקער איינזייטיק, ווייניקער ענג פאַרטייאיש און ווייניקער צעשפּאָלטן ווידער אין ניו־יאָרק. עס האָט געהערשט אַ טאָלעראַנץ צווישן טוער און קינסטלער פון פאַרשידענע ריכטונגען. עס האָט דאָ אויך געפעלט דער עקסטרעמער קאָסמאָפּאָליטיזם פון די לינקע און די שאַרפע קעגנערשאַפט צו יידישער אמונה. עס איז באַשטאַנען אַן ערע צו דער יידישער טראַדיציע און צו דעם טיפן און האַרציקן אוצר פון פאָלקלאָר, וואָס האָט אין איר געלעבט און האָט זיך ניט גע־לאָזט פון איר שיידן. דאָס האָט אַרויסגערופן ביי די יידישע שוישפּי־לער, זינגער, רעציטאַטאָרן, מאָלער און שרייבער אַ גאָר שטאַרקע געבונדנקייט מיט די ברייטע יידישע מאַסן און דעם ערנסטן ווילן צו דערנענטערן זיך צו זיי, דערנענטערן זיי צו זיך, צו פאַרהאַלטן דעם

* שייפער־זאַמלבוך, זייט 57.

** דאָרטן, זייט 60.

צעשטערנדיקן פּראָצעס פון אַסימילאַציע, צו פאַרשפּרייטן, ווי ווייט מעגלעך, יידיש וויסן, פלאַנצן און אַנטוויקלען ליבע צום פאָלק.

ביי דער געלעגנהייט מוז דאָ געזאָגט ווערן, צום שבח פון די פּראָגרעסיווע שיקאַגער יידישע שרייבער און דיכטער, און אין דעם פּרט אויך צום פּערזענלעכן שבח פון שרה פאַט, אַז עס האָט זיך ביי זיי איינגעשטעלט אַ האַרמאָנישע און פּאָזיטיווע באַציאונג צו יידיש און העברעאיש און אַז עס איז ניט ריכטיק די באַמערקונג פון יענע זשורנאַליסטן און קולטור־געשיכטלער, וועלכע פּרווון אָפּמערקן שיקאַגאָ פון אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט אַלס צענטער פון עקסטרעמען יידישיזם.

שיקאַגאָ איז אויסגעוואַקסן אין אַ מאַגנעטישן צוציאונגס־צענטער פאַר דעם עלטערן דור שרייבער און האָט געווירקט אויף דעם אויפקומענדיקן דור יינגערע. אַלץ האָט געצויגן די גייסטיקע חיונה פון דער פריערדיקער היים, פון רוסלאַנד און פּוילן. ווי עס האָט פעסטגעשטעלט דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער ליטעראַטור־היסטאָריקער **נחמן מייזיל**,* זענען פון די 109 יידישע שרייבער און דיכטער, וועלכע האָבן געלעבט און געשאַפן אין אַמעריקע — און צום גרויסן טייל אין שיקאַגאָ — זענען נאָר דריי געווען געבוירענע אין אַמעריקע, אַלע אַנדערע זענען געווען אָנגעקומענע פון מזרח־אייראָפּע. באַזונדער האָט זיך פאַרשטאַרקט און פאַרצווייגט די קולטור־קינסטלערישע שאַפונג אין די יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג און זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר אויסגעוואַקסענער רייפקייט. אַ באַזונדער שטאַרקן דראַנג צום שאַפן האָט אַרויסגערופן די אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע, פון איין זייט, און די פאַרברייטערטע חלוצישע באַ־וועגונג אין ארץ־ישראל, פון דער צווייטער זייט.

שרה פאַט האָט אַרויסגעוויזן פיל איניציאַטיוו ביים אָרגאַניזירן אין יאָר 1918 דעם יידישן אָנטייל אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן גרויסן „פּעדזשענט" אין מילוואָקי, אין וועלכן עס איז צוערשט פלאַמיק אַרויסגעטראָטן פאַר דער אַמעריקאַנער עפנטלעכקייט די דעמאָלט יונגע יידישע לערערין און קולטור־טוערין, דער איצטיקער פּרעמיער־מיניסטער פון ישראל, גאָלדע מאיר.

---

* „די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע פאַר די לעצטע 30 יאָר (1917—1947)": אַלמאַ־נאַך פון יידישן פאָלקס־אָרדן „אין דינסט פון פאָלק", ניו־יאָרק 1947.

דאָס אַלץ איז געווען אַ גוטע שולע פֿאַר דער אָנגעקומענער יונ־גער שרה פֿאַט. אין דער דאָזיקער גינסטיקער קולטור־אַטמאָספֿער האָט זיך שנעל אַנטוויקלט שרה פֿאַטס קינסטלערישער טאַלאַנט, עס האָבן אויפֿגעשפּראָצט און זיך צעבליט די פּרוכטבאַרע ביאַליס־טאָקער אָנהייבן. זי האָט שנעל דערלערנט די ענגלישע שפּראַך און האָט זיך איינגעבירגערט אין דער נייער ווירקלעכקייט.

דאָס אינטערעסאַנטסטע און חשובסטע דערביי איז אָבער, וואָס שאַפֿנדיק במשך פֿון 50 יאָר אין דער אַמעריקאַנער קולטור־סביבה, און לעבנדיק אין איינעם פֿון די גרעסטע אַמעריקאַנער קולטור־צענטרען, אין שיקאַגאָ, איז זי געבליבן פֿאַרוואָרצלט אין יידישן פֿאָלקלאָר און יידישן פֿאָלק־שטייגער און האָט אַרויסגעבראַכט אין אַלע פֿאָרמען פֿון איר שאַפֿן עכט־יידישע געשטאַלטן, האָט זיי גע־מאַכט נאָענט און פֿאַרשטענדלעך פֿאַר דעם נייעם דור יידן, אויך פֿאַר די, וואָס זענען שוין געבוירן און דערצויגן געוואָרן אויף דער אַמע־ריקאַנישער ערד. דערביי האָט זי זיך שוין זינט די ערשטע יאָרן פֿון איר קומען פֿון רוסלאַנד קיין אַמעריקע ניט פֿאַרשלאָסן אין דער יידישער סביבה אַליין. ניט פֿאַרלירנדיק אויף דאָס מינדסטע איר יידישע געשטאַלט, האָט זי זיך פֿון יאָר צו יאָר אַלץ ענגער פֿאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער קולטור־סביבה, ניט אַסימילירנ־דיק זיך מיט איר, נאָר אַריינטראָגנדיק אין איר כסדר עלעמענטן פֿון יידישן שאַפֿן, יידישן פֿאָלקלאָר און פֿאָלקשטייגער. און אויך פֿאַר־קערט: זי האָט אַריינגעטראָגן אין דער יידישער סביבה און פֿאַר־קערפּערט אין איר קונסט־שאַפֿן פּראָגרעסיווע שעפֿערישע עלעמענטן פֿון דער אַלגעמיין־אַמעריקאַנישער ווירקלעכקייט. זי האָט אַריינגע־בראַכט אין אירע סטודיע־אַרבעטן געשטאַלטן פֿון אַמעריקאַנער פּראָגרעסיווע שעפֿער און קולטור־טוער.

עס מוז אויך באַמערקט ווערן, אַז אין איר שטענדיקן שטרעבן צו קינסטלערישער אַקטיווקייט, האָט שרה פֿאַט אויסגעמיטן איינ־צושליסן זיך אין די ענגע גרעניצן פֿון אַ באַשטימטן געזעלשאַפֿטלעכן קרייז, אָדער אין דעם קרייז פֿון אַ באַשטימטער פּאַרטיי, אָדער פּאָלי־טישער גרופּירונג. זי האָט, אמת, געפֿירט די גאַנצע יאָרן איר עיקר־אַרבעט אין דער ראַם פֿון דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפֿט, אָבער זי האָט ניט אויסגעמיטן צו באַטייליקן זיך קינסטלעריש אין די קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַראַנשטאַלטונגען פֿון אַנדערע געזעל־

שאַפטלעכע גרופּירונגען, וועלכע די פּאָליטישע ווירקלעכקייט האָט אַרויסגעבראַכט אויף דער אַרענע פון יידישן קולטורעלן און געזעל־שאַפטלעכן קאַמף. אין משך פון די גאַנצע 50 יאָר, וועלכע עס האָט אָנגעהאַלטן איר אַקטיווקייט, האָט די שיקאַגער יידישע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכקייט אין שיקאַגאָ — און פון צייט צו צייט אויך די געזעלשאַפטלעכקייט פון אַנדערע גרעסערע יידישע קולטור־צענטרען — געזען זי מאַרשירן אין די רייען פון שעפערישע שוישפּילער און קולטור־טוער.

פון די אָרגאַניזאַציעס און אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן באַווירקט שרה פאַטס קינסטלערישע אַרבעט, זאָל דערהויפּט דערמאָנט ווערן דער „יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד", וועלכער איז גע־גרינדעט געוואָרן אין יאָר 1910 דורך די פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציעס אין אַמעריקע און האָט געהאַט זיין טעטיקן ברענטש אין שיקאַגאָ.

דער „יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד" האָט זיך גע־שטעלט פאַר אַ ציל צו שאַפן אַ ברייטערע געזעלשפטלעכע ראַם פאַר דער יידישער קולטור־אַרבעט און „דערציען דעם יידישן אַרבעטער אין פולן באַוווּסטזיין פון זיינע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אינטע־רעסן און פאַרנעמען זיך מיט אַלע אַרבעטן, וועלכע פירן צו דער פאַרשטאַרקונג און דער באַפרייאונג פון אַרבעטער־קלאַס".

כדי צו דערגרייכן זיינע צילן האָט זיך דער פאַרבאַנד אָפּגעגעבן אויך מיט יידישער קולטור־אַרבעט אויפן געביט פון יידישן שול־וועזן, פון טעאַטער און קונסט. דורך קאָנצערטן פון יידישער מוזיק, דורך בעלער און מאַסקעראַדן, אין וועלכע עס זיינען אַרויסגעהויבן גע־וואָרן ביבלישע און אַנדערע יידישע היסטאָרישע מאָטיוון, האָט דער פאַרבאַנד געשטרעבט צו פאַרשפּרייטן יידיש וויסן אין די ברייטע יידישע מאַסן. צו דעם זעלביקן צוועק האָט דער פאַרבאַנד אויך אַריינגעבראַכט יידישע ביכער אין די אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן.

דאָ האָט שרה פאַט געפונען אַ געבענטשט פעלד פאַר מיטאַרבעט אַלס קינסטלערין און קולטור־טוערין.

דער יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד איז געווען שרה פאַט באַזונדער נאָענט אין די ערשטע יאָרן פון זיין טעטיקייט, דער־הויפּט צוליב דעם, וואָס איר מאַן, אברהם, האָט אידעאיש געהערט

צום פֿאַרבאַנד און איז געווען איינער פֿון זיינע פֿונקציאָנאַרן אין שיקאַגאָ און דער מיטרעדאַקטאָר פֿון דעם זשורנאַל „חברים לאַנד", וועלכן דער פֿאַרבאַנד האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן.

אברהם איז געקומען קיין אַמעריקע אַ קורצע צייט פֿאַר שרהן. ער האָט זיך דאָרטן שנעל איינגעבירגערט און איינגעלעבט אין דער פּראָגרעסיווער יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט. ער האָט אַקטיוו מיט־געאַרבעט מיט דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפֿט זינט די ערשטע יאָרן פֿון איר גרינדונג אַלס מיטגליד פֿון דער פֿאַרוואַלטונג און האָט פֿיל מיטגעווירקט ביים אינסצעניזירן פֿאָרשטעלונגען פֿון יידישן שטייגער־לעבן. ער האָט אויך מיטגעאַרבעט מיט שרהן אויפֿן געביט פֿון קינסטלערישער קאָסטיומירונג און האָט איר פֿיל גע־האָלפֿן אַרויסצוברענגען טיפּיש־יידישע טראַדיציאָנעלע געשטאַלטן. ער האָט באַשטראַלט איר שאַפֿן דורך זיין לומדות און דורך זיין גרינטלעכער קענטעניש פֿון דער יידישער היסטאָרישער ליטעראַטור און קולטור.

אין די ערשטע יאָרן פֿון שרהס אָנקום קיין שיקאַגאָ האָבן זיך לאַנגזאַם און באַשיידן אָנגעהויבן אויסצובילדן די קינסטלערישע יידישע אַנשטאַלטן. זיי האָבן נאָך געטראָגן דעם כאַראַקטער פֿון ניט סטאַבילע, פֿון צייט צו צייט אויפֿקומענדיקע יוגנט־אַנסאַמבלען. ביז עס האָט זיך אויסגעפֿאָרמירט די יידישע ליטעראַריש־דראַמאַטישע געזעלשאַפֿט אַלס אַ שטענדיקער צענטער פֿון פּראָגרעסיווער יידישער קונסט, מיט וועלכן שרה האָט מיטגעאַרבעט און מיט וועמענס וווקס זי איז אויך קינסטלעריש געוואַקסן.

אַזוי האָט זיך געצויגן אין משך פֿון פֿיל יאָרן די קייט פֿון שרה פֿאַטס אַרויסטרעטונגען דער עיקר אין דער ראַם פֿון דער יידישער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפֿט. דאָס איז ניט געווען קיין פּראָפֿעסיאָנעלער טעאַטער־שפּיל, ווו דער שפּילער קערט זיך אום נאָך די רעפּעטיציעס און נאָך זיין אַרויסטרעטן אויף דער בינע צוריק אין דעם ענגן קרייז פֿון זיין פֿאַמיליע און פֿריינד. דאָס איז געווען פֿיל מער אַ צוזאַמענלעבן און צוזאַמענאַרבעט פֿון פּיאָנערן און געטרייע בויער פֿון יידישער קונסט אויפֿן אַמעריקאַנישן באָדן, אַ פּערמאַנענטער קאָלעקטיווער ווילן צו אַנטוויקלען די יידישע קולטור, פֿאַרבינדן די גרויסע קולטור־ירושה פֿון אונדזער פֿאָלק

מיט דער מאָדערנער פּראָגרעסיווער קולטור אין אַמעריקע, אויפֿ־שטעלן גייסטיקע באַריערעס קעגן דער געפֿאַר פֿון אַסימילאַציע און נאַציאָנאַלער אויפגעריבנקייט.

די יידישע ליטעראַריש־דראַמאַטישע געזעלשאַפט, מיט וועלכער זי האָט בעיקר מיטגעאַרבעט, האָט בשעת איר ערשטן אויפטריט אין דער עפנטלעכקייט דערקלערט איר פּראָגראַם. דאָס דאָזיקע פּראָגראַם האָט במשך פון די יאָרן באַקומען דעם ווערט פון אַ היס־טאָרישן דאָקומענט, פון אַ וואָגיק בלאַט אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין אַמעריקע. דאָס דאָזיקע פּראָגראַם איז ביזן היינטיקן טאָג ווייניק באַקאַנט געבליבן און מיר ברענגען עס דאָ דעריבער

## ליטעראריש דראמאטישע געזעלשאפט

—— בעאַמטע ——

יעקב קאץ, פינ. סעקרעטאר.
מאָרים מייסאָן, רעק. סעק.

ר ע ז ש י ס ע ר ע

בן ציון גארדאן
יעקב קאץ
אברהם פאט, פערוואלטער
ס. ריסמאַן, טרעזשורער
ד. שטיין, טרעזשורער
א. גוזמאַן, געהילפס פער־וואלטער.

---

בילדונגס קאָמיטע.

שרה פאט, אברהם פאט, מ. מייסאָן, ד. שטיין, ס. ריסמאן, פ. בענטקאָווער, אַ. גוזמאן, יעקב קאץ, י. רובין, מ. גראָסס, סלאָנימסקי און בערגער.

ווערטלעך, ווייל עס איז ענג פֿאַרבונדן מיט שרה פֿאַטס טעאַטראַלער טעטיקייט.

„נאָך דער צעניאָריקער עקזיסטענץ פֿון דעם פּראָגרעסיוון ליטע־ראַריש־דראַמאַטישן קלוב, וועלכער האָט זייער פֿיל געטאָן אויף דעם ליטעראַריש־דראַמאַטישן געביט, און נאָך דער פֿינף־יאָריקער עקזיסטענץ פֿון דעם יעקב גאָרדין־קלוב און דעם דראַמאַטישן יוגנט־קלוב, וועלכע האָבן אויך איבערגעלאָזן אַ גאַנץ פֿיינעם רעקאָרד הינטער זיך — האָבן זיך די דאָזיקע דראַמאַטישע פֿאַריינען זיך איצט פֿאַראייניקט אונטער איין נאָמען: „**ליטעראַריש־דראַמאַטישע** געזעלשאַפֿט", וועלכע וועט האָבן פֿאַר זיך די הויפּט־אויפֿגאַבע צו ווערן אַן איינהייטלעכע יידישע פֿאָלקס־אינסטיטוציע און צו פֿאַר־אייניקן אַלע ליטעראַרישע, דראַמאַטישע און קולטורעלע פֿאַריינען אונטער דער השגחה פֿון דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפֿט. אַלע צוזאַמען וועלן מיר האָבן די הויפּט־אויפֿגאַבע צו שטודירן די יידישע ליטעראַטור און פֿאַרשפּרייטן זי צווישן די מאַסן, פֿון צייט צו צייט אויפֿפֿירן אויף דער בינע די בעסערע ליטעראַרישע פּיעסן, ווי שטרעבן צו פֿאַרווירקלעכן די עקזיסטענץ פֿון אַ פֿרייער יידישער פֿאָלקסבינע".

„אויך איז אונדזער אויפֿגאַבע צו לערנען און אַנטוויקלען די, וועלכע באַזיצן פֿעיקייטן צו שפּילן אויף דער בינע, פֿאָרצולייענען און רעציטירן".

„מיר רופֿן אַלע, וועלכע זענען פֿאַראינטערעסירט אין וואַקסן און אין דער אַנטוויקלונג פֿון דעם יידישן קולטורעלן שאַפֿן צו ווערן מיטגלידער פֿון דער נייער אָרגאַניזאַציע".

*

די ליטעראַריש־דראַמאַטישע געזעלשאַפֿט האָט זינט איר ערשטן אויפֿטריט געשטרעבט — און האָט,ליידער, ניט פֿאַרמאָגט צו דער־גרייכן — אויפֿשטעלן אַ סטאַבילן יידישן פּראָגרעסיוון טעאַטער אין שיקאַגאָ. זי האָט אָבער פֿאַר זיך שטענדיק געהאַט אַ קלאָרע אויפֿ־גאַבע, וועלכע זי האָט טיילווייז אויסגעפֿירט מיט יעדער פֿאָרשטעלונג און וועלכע אירע פּיאָנערישע גייסטיקע פֿירער האָבן קלאָר דעפֿינירט: 1) שטודירן די יידישע ליטעראַטור און פֿאַרשפּרייטן זי צווישן די

# א פּאר ווערטער פון דער
# ליטעראריש דראמאטישער געזעלשאפט

---

צו אונזערע סימפּאטייזערס און מיטהעלפּער.

---

שוין העכער צעהן יאָהר צייט עקזיסטירען מיר, און זיינען טהעטיג אויף דעם קולטורעלען געביעט פון דער אידישער שטאָדט שיקאגאָ. וויפיעל דראמעס און טראגעדיעס מיר האָבען נישט אויפגעפיהרט אויף דער בינגע, האָבען מיר איבער אַלץ מעהר טראגעדיעס און דראמעס איבערגעלעבט דורך דער צייט פון אונזער עקזיסטענץ. אונזערע שטענדיגע פערהערער קענען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען מיט וואָס פאר שוועריגקייטען און צרות אונזער עקזיסטענץ איז פערבונדען. עס איז אונז נישט נויטיג דאָ פאר אייך ערקלערען אונזערע שטרעבונגען, אונזער אידעאַל, ווייל אונזערע נאָהענטע פריינד ווייסען דאָס גאנץ גוט. זיי פאָדערען פון אונז זעהר פיעל, נאָך מעהר איידער מיר קענען אויפטאָהן. מיר וואָלטען געוויס ווע־לען שוין דערלעבען קומען נאָהענטער צו אונזער ציעל אָבער, ליידער, העלפט אונז קיינער ניט, די גוואַלדיגע גראנדיעזע אונטערנעהמונגען וואָס מיר האָבען דורכגעפירט היינטיגען סיזאָן, האָט אונז בעוויזען, אז איהר טייערע פריינד קוקט זיך גאָר ווייניג אום אויף אונזערע טהעטיגקייט, אויסער דעם וואָס מיר האָבען פערלאָרען אזוי פיעל מיה שווערע גייסטליכע און פיזישע קראפט, האָבען מיר נאָך אייך פערלאָרען שווערע טויזענטע־דאָלערס, אויף וועלכע מיר האָבען און וועלען דארפען האָרעווען לאנג ביז מיר וועלען קומען צו זיך.

אָבער דאָך זיינען מיר ניט אָפּגעשוואכט, אונזער ענטהוזיאזם איז נאָך שטארק גענוג; מיר האָבען נאָך אַלץ ביט פערלאָרען אונזער גלויבען, אונזער האָפענונג אז די אידישע ליטעראטור, די אידישע בינגע, די אידישע קונסט וועט זיך פאָרט דערהויבען צו דער העכסטער מאָדערנער מדרגה. דער היינטיגער חסידים באַל וועט אונז מעגליך אוועקשטעלען צוריק אויף די פיס מיט אייער הילף, דער היינטיגער חסידים באַל וועט פאר אייך אָפּשפּיגלען דעם כאראקטער פון אונזער פעראיין, דער היינטיגער באַל, וועט פערבלייבען אונזערער אַ טראַדיציאָנעלער יום טוב. מיר גלויבען און האָפען אז די אַלע וואָס זיינען אונז געקומען צו הילף ביז יעצט וועלען שטעהן צוזאמען מיט אונז אויף ווייטער..

אונזער הארצליכער דאנק און איבערגעבענהייט צו אייך,

**אייער,**

**ליטעראריש דראמאטישע געזעלשאפט.**

מאַסן, 2) אויפפירן פון צייט צו צייט בעסערע דראַמען, 3) שטרעבן אויפבויען אַ פרייע יידישע בינע, 4) לערנען און אַנטוויקלען די, וועלכע באַזיצן פעיקייטן צו שפּילן אויף דער בינע, פּאַרצולייענען און צו דעקלאַמירן.

מיט אַ שווער געמיט, אָבער מיט אַ ניט געבראָכענעם מוט האָבן די פירער פון דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט זיך געווענדט, אויפן עלפטן יאָר פון איר עקזיסטענץ, מיט אַ רוף צום יידישן עולם אין שיקאַגאָ:

*

אין משך פון אירע ערשטע יאָרן אויף דער אַמעריקאַנישער ערד, האָט זיך שרה פאַט מער פון אַלץ קאָנצענטרירט אויף קינסטלערישער קאָסטיומירונג פון מאַסקעס און געשטאַלטן אויף בעלער און פּאַר־שטעלונגען. אַ באַזונדערע ליבע האָט זי אַרויסגעוויזן צו טיפּן פון פאָלקסמענטשן און צו סימבאָלישע בילדער פון היסטאָרישע, ביב־לישע און טיילוויז אויך תלמודישע געשטאַלטן. איר קינסטלערישער געשמאַק האָט זיך גוט באַהעפט מיט איר רייכן דמיון. אַ באַשטראַל־טע דורך דער ליבע צו דער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט פון פאָלק האָט זי אין איר סטודיע מיט עסטעטישער פינקטלעכקייט און מיט היסטאָרישער געטרייקייט אַרויסגעבראַכט קאָלירפולע און גוט קאָמ־פּאָנירטע טיפּן. די יידישע בילדונג פון איר פריער יוגנט האָט דאָ געפונען דעם געהעריקן באָדן צו אַנטפּלעקן זיך אין קונסט־פאָרמען. און זי איז דערביי ניט געווען אַליין און איינזאַם אין דעם פּרט. אַ דאַנק זיין גרינטלעכער יידישער בילדונג איז איר מאַן און חבר אברהם פון דער ערשטער צייט אָן און במשך פון זיין גאַנץ לעבן געווען איר געטרייער שותף און מיטאַרבעטער אין איר קונסט־געביט.

די קאָסטיומירונג איז געווען דער ערשטער דעצידירנדיקער שטאַפּל אויף איר וועג צו דער יידישער קונסט און טעאַטער. זי האָט ביי איר אַרויסגערופן די גייסטיקע הצטרכות ווייטער צו שטודירן די יידישע קונסט און די יידישע געשיכטע, צו באַגעגענען זיך מיט קולטור־טוער און קינסטלער, צו באַפריינדן זיך מיט זיי, אויפצו־נעמען זייער שעפערישע השפעה. אין איר באַשיידענער היים אין טשעסטערטאָן האָט זי אָנגעזאַמלט מאַטעריאַלן, יידישע און אַלגע־מיינע, צו איר אַרבעט. די היים האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ סטודיע

און גלייכצייטיק אין אַ קלוב, ווו עס פלעגן זיך געמיטלעך טרעפן די בעסטע יידישע גייסטיקע מענטשן פון שיקאַגאָ.

דאָס האָט פאַר איר געעפנט די קוואַלן פון דער אַמעריקאַ־נער קולטור און קונסט. עס האָבן איר באַלד פאַראינטערעסירט אַל־געמיינע אַמעריקאַנער קונסט־מאָטיוון. איר סטודיע האָבן אָנגע־הויבן באַזוכן אַמעריקאַנער קינסטלער און זשורנאַליסטן, פאַר־שטייער פון דער פרעסע. מען האָט זי אָנגעהויבן איינלאַדן אין אַמע־ריקאַנער קלובן, שפעטער זענען אירע סקולפטור־אַרבעטן מיט כבוד אויפגענומען געוואָרן אויף קונסט־אויסשטעלונגען. אָפּשאַצונגען וועגן איר אַרבעט זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער לאָקאַלער פרעסע.

איר נאָמען אין די יידישע קרייזן אין אַמעריקע האָט זיך אַרויסגעהויבן איבער די גרעניצן פון שיקאַגאָ. איר איז אויסגעקו־מען קינסטלעריש אַרויסצוטרעטן אין מילוואָקי און אין אַנדערע שטעט אין אַמעריקע.

צו איר קינסטלערישן דערפאָלג האָט ניט ווייניק בייגעטראָגן איר באַשיידנקייט, איר איינגעבוירענע אינטעליגענץ, איר אימפּאָ־זאַנטע פיגור און קלוגע האַלטונג. מיר האָבן זי געזען שפילן אין משך פון פיל יאָרן פאַרשידענע שוישפּילער־ראָלן. זי האָט זיך אין יע־דער געהאַט איינגעלעבט, יעדע ראָל געמייסטערט דורך איר אַרבעט, האָט מיט ליבע אַרויסגעבראַכט אויף דער בינע יעדע פאָלקסטימלעכע געשטאַלט, יעדן „עמד״־טיפּ פון דער אַלטער היים. די פאַרבענקטקייט נאָך דער אַמאָליקער יידישער סביבה האָט געשטראַלט אין אירע טעאַטער־אויפטריטן.

שטופנווייז האָט זיך אַנטוויקלט און געוואַקסן פון יאָר צו יאָר שרה פּאַטס קינסטלערישע אַקטיווקייט. קאָסטיומירונג, טעאַטער־שפּיל, רעזשי, רעציטאַציע, סקולפּטור און אַ פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט האָבן דערגענצט איינע די אַנדערע. איין עכט־קינסטלערישע אַרבעט האָט זיך באַהעפט ביי איר מיט דער אַנדערער, געווירקט איינע אויף דער אַנדערער.

דער יידישער פרויען קונסט־קלוב, ווו שרה פּאַט איז געווען איינע פון די גרינדערנס, איז געווען אַ פּיאָנערישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער שיקאַגער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט צו די אַרויסטרעטונגען פון יידישע אַרטיסטן. דער קלוב האָט געליפערט אַ ברייטע אינפאָרמאַציע וועגן יידישער

קינסטלערישער אַרבעט אין אַמעריקע און האָט פאַרשפרייט ידיעות וועגן יידישער קונסט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער איז געווען דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַן,וועלכער האָט בייגעשטייערט צו דער טעטיקייט פון די יידישע אַרטיסטן דורך אָרגאַניזירן אויסשטעלונגען פון זייערע שאַפונגען און אַריינטראָגן זיי אין די יידישע הייזער.

First Official Celebration

...OF...

JEWISH WOMEN'S ART CLUB

אידישער פרויען קונסט קלוב

Program

*Affiliated with the Workers' Culture League*

Club Rooms: 1224 S. Albany Avenue

Program

1. Piano Solo........................................ *Stella Vogle*
2. Reading ........................................ *Mr. S. Rubinstein*
3. Vocal Solo........................................ *Miss Mary Fagan* Accompanied by Miss E. Shapiro
4. Recitation ........................................ *Miss E. Kanieff*
5. Portrayal — "Tanchen"................ .. *S. Gollob*

Directed by *Sarah Patt*

Aided by *Nat. Soc. Ges. Verein*

*Mr. M. Matthews* & *Mr. Reichstein*
*Soloists*

Chairlady of the Evening *Mrs. A. Ostrowsky*

DANCES LEAD BY Mr. B. RETCHIN
of the "ZVUKI RODINNI"

אינטערעסאַנט איז אין דעם פּרט דאָס פּראָגראַם און די קאָנסטיטוציע פון דעם קלוב, אַן אויסצוג פון וועלכן מיר ברענגען דאָ ווערטלעך:

## אַריינפיר

דער יידישער פרויען קונסט־קלוב שטעלט זיך די אויפגאַבע באַקאַנט צו מאַכן און צו פאַרשפרייטן צווישן די יידישע פרויען אין שיקאַגאָ יידישע ליטעראַטור און קונסט אויף אַלע געביטן, צו מאַכן פּאָפּולער און צו העלפן מאָראַליש און פינאַנ־

ציעל יידישע ליטעראַטן און קינסטלער, צו אַנטוויקלען אַלזייטיק דעם געשמאַק און אינטערעס פון דער יידישער פרוי צו דעם יידישן גייסטיקן און קולטורעלן לעבן.

## קאָנסטיטוציע פון יידישן פרויען־קונסט־קלוב

### אַרטיקל 1

דער נאָמען פון פאַריין איז: יידישער פרויען־קונסט־קלוב.

### אַרטיקל 2

אויפגאַבן: שאַפן אין שיקאַגאָ אַ יידישן קונסט־טעמפּל מיט פאָלגנדיקע אָפּ־טיילונגען:

א) אַ קונסט־טעאַטער פאַר דראַמע, אָפּערע און קאָנצערטן.

ב) אַן אַקאַדעמיע פאַר מאָלעריי און סקולפּטור אין יידישן סטיל.

ג) אַ דראַמאַטישע שולע.

ד) אַ קאָנסערוואַטאָריע.

ה) אַ יידישע און אַלגעמיינע קונסט־ביבליאָטעק.

ו) אַ קונסט־גאַלעריע, ווו עס זאָלן געמאַכט ווערן אויסשטעלונגען פון מאָלערס און סקולפּטאָרן.

ז) אַ יידישער מוזיי.

### אַרטיקל 3

טעטיקייט: א) סיסטעמאַטישע קורסן און לעקציעס איבער יידישע און אויך אַלגעמיינע ליטעראַטור ווי אויך איבער אַלע צווייגן פון קונסט.

ב) די אַלע אויבנדערמאָנטע טעטיקייטן דאַרפן דורכגעפירט ווערן ווי ווייט מעגלעך אין יידיש און לויט די אומשטענדן אויך אין אַנדערע שפּראַכן.

ג) קיין פּאָליטישע און פּאַרטייאישע ריכטונגען קאָנען ניט אַריינגעפירט ווערן אין דער אַרבעט פון פאַריין.

אַן אייגנאַרטיקער און מיט גרויסער באַגייסטערונג אויפגענו־מענער צווייג פון יידישן פאָלקלאָר זיינען געווען די חסידים־בעלער, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער ליטעראַריש־דראַמאַ־טישער געזעלשאַפט אין שיקאַגאָ. דאָס איז ניט געווען קיין פּאַראָדיע אויפן חסידישן פאָלקלאָר, נאָר עכטע, נאַטירלעכע, קינסטלעריש־

געשלייפטע און געטריי געגעבענע אויסדרוקן פון לעבן־שטייגער, ווי ער פלעגט אַמאָל און טיילווייז אויך היינט פאָרקומען אין די חסידישע קרייזן. אויף דער בינע זענען מייסטערהאַפט און פאָלקלאָריסטיש געטריי אַרויסגעבראַכט געוואָרן טיפּן פון רביים און רביצינס, חסידים און חסידות און נשים צדקניות. די בינע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חסידים־שטיבל. עס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן קוויטלעך צום רבין. עס איז געפּראַוועט געוואָרן אַ מלווה־מלכה־סעודה. אברהם, וועלכער איז פון דער היים געווען גוט באַקאַנט מיטן חסידישן לעבן, האָט געשפּילט אַ רבין — ר׳ אברהמלען, מאָריס מייסאָן — אַ שוחט און מוהל, בן־ציון גאָרדין — אַ מתנגד און שרה האָט געשפּילט איינע פון די דריי נשים צדקניות. צו דער גייסטיקער פאָרמירונג פון די חסידים־בעלער האָט פיל בייגעטראָגן אויך ראובן יוקעלסאָן.

דער ערשטער חסידים־באַל איז דערפאָלגרייך דורכגעפירט געוואָרן דעם 9־טן אַפּריל 1921 אין וועסט סייד מאסאניק טעמפּל.

אין נאָמען פון דער פאַרוואַלטונג פון דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט האָט אברהם איבערגעגעבן אַ ברכה אַלע חסידים און צדקניות פון חסידים־באַל, אין דעם באַגייסטערטן קרייז פון וועלכע עס האָט זיך באַטייליקט שרה.

אַלס דערגענצונג צו דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט איז אין די 20ער יאָרן געווען אַקטיוו אין שיקאַגאָ אויך דער י. ל. פּרץ שרייבער־פאַריין, וועלכער איז געווען די „אָרגאַניזאַציע פון די שיקאַגער יידישע צייטונגס־שרייבער פאַר עקאָנאָמישע, קולטורעלע און קאָלעגיאַלע צוועקן". ער איז געווען אָנגעשלאָסן אין די שיקאַגער פאַרייניקטע יידישע געווערקשאַפטן און אין ניו־יאָרקער י. ל. פּרץ שרייבער־פאַריין. ער איז געווען אייגנטלעך אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַריין און האָט אונטערגענומען פאַרשידענע אימפּרעזעס מיט אַן עקאָנאָמישן צוועק.

שרה האָט מיטגעאַרבעט מיטן י. ל. פּרץ שרייבער־פאַריין און אויף איינעם אַ שיינעם פרילינגס־באַל, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן פאַריין, האָט זי מיט דערפאָלג פאָרגעשטעלט די נשמה פון בלומען אין לעבעדיקע בילדער.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט זיך שרה פאַט מער אָפּגעגעבן מיט סקולפּטור אַרבעט, וועלכע האָט אויף אַ באַזונדער אופן באַפרידיקט

איר שטרעבן צו רעאַליזם אין דער קונסט און זי האָט מיט דערפאָלג פאַרקערפערט אין שטיין, צינק, אייזן און גיפס גוט אויסגעמייס־טערטע געשטאַלטן פון יידישע און ניט־יידישע שרייבער, דענקער און געזעלשאַפטלעכע טוער.



זישע וויינפער

איר סקולפטור־אַרבעט האָט געפונען די געהעריקע אָפּשאַצונג מצד ספּעציאַליסטן און עס זענען איר צוגעטיילט געוואָרן אויף די באַרימטע יאַריקע אויסשטעלונגען אין טשעסטערטאָן ספּעציעלע פּרייזן.

„די קונסט לעבט און שלאָגט אַרויס — האָט געשריבן איינער פון די אָפּשאַצער פון איר טאַלאַנט אַלס סקולפּטאָרין — זי ענדיקט זיך קיינמאָל ניט, זי וואַקסט און מערט זיך פון דור צו דור. די דאָזי־קע פילאָזאָפיע האָט באַהויכט דעם שאַפונגס־טאַלאַנט פון שרה פּאַט, וועלכע איז אויסגעוואַקסן אין איינער פון די העכסט פּרוכטבאַרע סקולפּטורישע טאַלאַנטן".

איינער פון די שטענדיקע באַוווּנדערער פון שרה פּאַטס סקולפּ־טור־אַרבעטן, וועלכער האָט ביי אַ געלעגנהייט שריפטלעך אויסגע־דריקט זיינע איינדרוקן, איז געווען ז. וויינפער.

אין אַ בריוו צו איר (אויף אַ בלאַנק פון איקוף) פון ערב יום כיפור 1956 (תשט"ו), שרייבער ער:

„טייערע שרה פּאַט!

איך שיק אייך די וואַרעמסטע ברכות פאַר אַ געזונט און גע־טרייסט יאָר.

געווען גוט צו זיין ביי אייך, צו קוקן און באַוווּנדערן אייערע אַרבעטן, וואָס זענען פאַר מיר אַ גרויסע איבערראַשונג.

זאָל זיין אַ געזונט אין אייערע הענט און אַ סך ברכה אין אייער געמיט..."

*

איצט, נאָך מיין לענגערן אַריינפיר, וועלכער דאַרף דינען אַלס ראַם צו דער געשטאַלט פון שרה פּאַטס לעבן און שאַפן, לאָמיר לאָזן איר אַליין דערציילן אין בילד און וואָרט, אין טעאַטער־פּראָגראַמען, אין בריוו אויסצוגן, די באַשיידענע געשיכטע פון יאָרנלאַנגער טעטי־קייט פונאַנדערוויקלען פאַר אונדז די פּאַנאָראַמע פון אַ פרוכטבאַרער גייסטיק לעבן, וואָס איז פאַריינס אויך אַ קאַפּיטל געשיכטע פון יידישן קולטור־לעבן אויף דער אַמעריקאַנישער ערד אין דער ערש־טער העלפט פון 20־טן יאָרהונדערט.

פּראָפ' שמואל אייזנשטאַדט

תל־אביב, חשוון תשל"א, נאָוועמבער 1970

איך בין אַ צווייג פון ליטווישן יידנטום, איך בין אַ ביאַליסטאָקער, און ווהין עס האָט מיך אין די שטורמישע שעפערישע יאָרן פון מיין לעבן ניט פאַרטראָגן שפעטער די צייט, בין איך געבליבן טריי און גייסטיק געבונדן צו מיין שטאָם מיט זיין תורה, השכלה, יידישקייט, וועלטלעכקייט, פאָלקסטימלעכקייט און דע־מאָקראַטיע, ר׳ שמואל מאָהליווערס בית המדרש און די וועבערייען מיט די מאַסן יידישע אַרבעטער.



מיין יוגנט־בילד

דאָ האָט מיין אויג געלערנט צוערשט צו זעען און מיין האַרץ צו פילן. דאָ זענען פאַרפלאַנצט געוואָרן די ערשטע קערנער פון מיין שפעטער אויסגעברייי־טערטן שאַפן אַלס שוישפילערין און סקולפטאָרין, אַלס וועלטלעכע יידישע קולטור־טוערין.

ווי אַ רויטער פאָדים גייט דורך די געטרייקייט צום פאָלק, צו זיין קולטור, צו זיין געשיכטע דורך אַלע תקופות פון מיין לעבן. דאָס יידישע ביאַליסטאָק איז געבליבן לעבן אין מיין בלוט, אין מיין געמיט, אין מיין קונסט, אין די עמך־טיפן, וועלכע איך האָב אַרויסגעבראַכט שפּעטער אויף דער בינע. איך בין געבליבן געטריי די תנ״ך־ און תלמוד־געשטאַלטן, די השגה פון וועל־כע איך האָב איינגעזאַפּט אין מיין דמיון אין די ביאַליסטאָקער קינדער־יאָרן.



מיין פאטער און מוטער

ווען איך באַטראַכט איצט, ווי עס האָט זיך פאָרמירט און אויסגעשלייפט פאַר די פיל יאָרן מיין געשטאַלט מיט איר סינטעטישן יידיש־טראַדיציאָנעלן און פאַריינס פּראָגרעסיוון און דעמאָקראַטישן קאָליר, זע איך גוט, ווי מיין וועג פירט מיך צוריק צו יענעם קוואַל פון דערציערישע איבערלעבענישן, וואָס האָט זיך פאַר מיר געעפנט צוערשט אין מיין ביאַליסטאָקער היים.

יידיש איז געווען די מוטערשפּראַך פון די ברייטע מאַסן ביאַליסטאָקער יידן, אויך די לעבעדיקע אַלטעגלעכע שפּראַך ביי אונדז אין שטוב. די העב־רעאישע שפּראַך און ליטעראַטור און די יידישע און אַלגעמיינע לימודים האָב איך זינט די ערשטע קינדער־יאָרן געלערנט אין באַביצקיס פאָלקסשולע, אונטער דער אָנפירונג פון דעם באַקאַנטן פּעדאַגאָג און העברעאישן שרייבער פּסח קאַפּלאַן, וועלכער האָט געפלאַנצט אין זיינע תלמידים ניט נאָר פּראַקטישע קענטעענישן, נאָר אויך ליבע צו דער העברעאישער שפּראַך, צו יידישער גע־שיכטע און קולטור. פון דעם דיריגענט פון אונדזער געזאַנג־כאָר בערמאַן האָב

איך באַקומען דעם דראַנג צו אַלגעמיינע און יידישע פאָלקס־געזאַנגען. די פאָלקסשולע האָב איך פאַרענדיקט מיט דערפאָלג, מיט אַ „פאָכוואַלנעם ליסט".

די ערשטע, וועמען איך האָב געהאַט אַלץ צו פאַרדאַנקען זענען געווען מיינע טייערע עלטערן. מיין טאַטנס היים האָט אויף אַ גוטן אופן פאַרבונדן טראַדיציע און פּראָגרעס.

מיין פאָטער, שלמה בעלאַווסקי איז געווען אַ משכיל און אַן אַלגעמיין געבילדעטער מאַן. ער איז געווען אַ בקי אין תנ"ך און אַ בן־תורה. ער האָט מיט חשק געלערנט „עין יעקב" און ליב געהאַט צו דערציילן תלמודישע לעגענדעס. שפּעט אין די אָוונטן פלעגט ער לערנען פראַנצויזיש און פלייסיק שטודירן אַסטראָנאָמיע. ער איז געווען אַן ערנסטער נאָכפאָלגער פון עספּעראַנטאָ, און האָט זיך בכלל אינטערעסירט מיט אַלגעמיינע און יידישע קולטור־פראַגן. באַזונדער



מיין מוטער און איך




מיין מאַן אברהם



איך און מיין טאָכטער

שטאַרק האָט ער איבערגעלעבט דעם דרייפוס־פּראָצעס און האָט וועגן אים מיט גרויס וואַרעמקייט דערציילט די קינדער. מיט אַ באַזונדער אינטערעס פלעגט ער מיט אונדז לייענען אברהם מאַפּוס „אהבת ציון" און די דערציילונגען פון עמיל זאָלאַ.

מיין ליבע מוטער רייזל האָט געשטאַמט פון דער משפחה ליובער אין לאָמזשע. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר גוטן, געמיטלעכן כאַראַקטער, מיט איר קענטעניש פון שפּראַכן און מיט איר איינגעבוירענעם חוש צו ריטם. זי האָט אין מיר דערוועקט דעם ערשטן דראַנג צום עפנטלעכן אַרויסטריט, צום טעאַטער־שפּיל. איך געדענק, ווי זי האָט מיך צוגעגרייט צום ערשטן אַרויסטריט אויף דעם אַלגעמיין רוסישן מאַסקעראַד, אויף וועלכן איך האָב פאָרגעשטעלט די ביבלישע סצענע „הגר און ישמעאל". איך בין געווען באָרוועס, פאַרוויקלט אין אַ ליילעך און האָב געטראָגן אויף מיין פּלייצע מיין קוזינעס טעכטערל סערעלע, וואָס האָט געשפּילט ישמעאלן. מיין אַרויסטריט אויף יענעם מאַסקעראַד איז געווען אַ זייער געלונגענער און איך האָב באַקומען אַלס פּרייז אַ מיט זילבער אויסגעשטאַטע האַנדטאַש מיט דער אויפשריפט „צום גוטן אָנדענק!"

דאָס האָט צום ערשטן מאָל ביי מיר אַרויסגערופן דעם זעלבסט־ביטחון און געדינט אַלס שטויס צו טעאַטראַלישקייט.

אַ קורצע צייט שפּעטער איז מיין גייסטיקער לעבן גרינטלעך באַווירקט געוואָרן אין דער זעלביקער ריכטונג דורך מיין מאַן אברהם פּאַט, ביי וועלכן עס האָבן זיך האַרמאָניש פאַרבונדן לומדות און פּראָגרעס און וועלכער האָט מיט מיר סאָלידאַריש מיטגעאַרבעט זיין גאַנצע לעבנסצייט אויפן אַמעריקאַנישן באָדן.

# שוישפילער און קינסטלער מיט וועלכע איך האב מיטגעארבעט

אין די ביאַליסטאָקער יאָרן האָט זיך שוין געעפנט פאַר מיר דער וועג צום העברעאישן טעאַטער, וואָס האָט געהאַט זיין וויגעלע אין ביאַליסטאָק.

עס איז מיר געגעבן געוואָרן די גוטע געלעגנהייט צו באַטייליקן זיך אין די ערשטע טעאַטער־שפילן פון דער „הבימה העברית", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך נחום צמחן, דעם אָפּשטאַמיקן פון דעם דאָרף ראָגאָזשיצע ביי ביאַליסטאָק, וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן זיין פּיאָנערן־אַרבעט אַלס גרינדער



**נחום צמח**

גרינדער פון העברעאישן טעאַטער

און פאַרווירקלעכער פון דער „הבימה" אין מאָסקווע, וועלכע האָט זיך אויס־געצייכנט מיט איר קינסטלערישן פאַרנעם און באַקומען איר היסטאָרישן המשך אין דעם עקזיסטירנדיקן נאַציאָנאַלן טעאַטער „הבימה" אין תל־אביב.

די „הבימה העברית" האָט דעמאָלט געשטעלט אָסיפּ דימאָוװס „שמע ישראל" און איך האָב געשפּילט די ראָל פון אהרון שיפערס פרוי שרה אונטערן טעאַטער־פסעוודאָנים שרהקין, כדי אויסצומיידן דאָס אויג פון דער צאַרישער פּאָליציי, וואָס האָט מיך שוין נאָכגעשפּירט. מיר האָבן געשפּילט אויסער ביאַ־ליסטאָק אויך אין ווילנע און אין גראָדנע.

אָסיף דימאָוו איז געווען, פונקט ווי איך, אַ געבוירענער אַ ביאַליסטאָקער, איז גלייכצייטיק מיט מיר איבערגעפאָרן אין יאָר 1912 קיין אַמעריקע און האָט דאָרטן שפּעטער געשריבן פּיעסן פאַרן יידישן טעאַטער, ווי „דער זינגער פון זיין טרויער", „ברויט", „דעם רבינס חתונה" און אַנדערע.

ברייטער האָט זיך אָבער אַנגעהויבן פאַנאַנדערוויקלען מיין טעאַטראַלישע אַרבעט אויף יידיש. איך האָב געשפּילט מיט יוליוס אַדלערן, וועלכער איז געווען אַ ביאַליסטאָקער און האָט דעמאָלט אָנגעהויבן זיין גרויסן טעאַטער־וועג. ער האָט דאַן געשטעלט „כאַסיע די יתומה" און „דעם קאַרגן" פון מאָליער, ווו איך האָב געשפּילט די אַלטע מאַמע.



**אָסיף דימאָוו**
יידישער דראַמאַטורג און שוישפּילער

אָבער דער גרעסטער זכות, וואָס איז מיר אין יענע ביאַליסטאָקער יאָרן אויסגעפאַלן, איז געווען דער זכות צו שפּילן מיט דער גרויסער דראַמאַטישער אַרטיסטין, דער מוטער פון יידישן טעאַטער אסתר רחל קאַמינסקי, וועלכע איז געווען אַן אָפּשטאַמיקע פון אונדזער דעמאָלטיקער גראָדנער גובערניע, פון דעם פאַרוואָרפענעם יידישן שטעטעלע פּאָראָזאָווע, און איז דרייסט אַריינגעטראָטן אין דער גרויסער שעפערישער תקופה פון איר טעאַטער־לעבן. זי האָט דעמאָלט געשטעלט די „קרייצער סאָנאַטע", „מירעלע אפרת" און „דער אומבאַקאַנטער" פון גאָרדין און „נאָראַ" פון איבסען; זי האָט מיך צוגעצויגן צו איר טרופּע און

איך האָב געשפּילט מיט איר אויסער ביאַליסטאָק אויך אין ווילנע און אין גראָדנע.

עס איז מיר זינט מיינע ערשטע דערפאָלגן אויף דער יידישע בינע קלאָר געוואָרן, אַז דאָס וועט זיין מיין לעבנסציל און לעבנסוועג און איך האָב געזוכט און געטרוימט צו שאַפן זיך גינסטיקע אומשטענדן פאַר מיין קינסטלערישער אַנטוויקלונג.

עס איז אָבער דערצו ניט געווען קיין אויסזיכט ביי דער דעמאָלט הערשנ־דיקער אָרדענונג אין צאַרישן רוסלאַנד. די צייט איז געווען אַ שווערע. די צאַרישע רעגירונג האָט אַפילו אין גאַנצן פאַרבאָטן צו שפּילן טעאַטער אויף יידיש, האָט יעדן טאָג געמאַכט נייע גזירות אויף יידן און אומאויפהערלעך גע־



ליבהאָבער־טרופּע אין ביאַליסטאָק

העצט דעם המון צו פּאָגראָמען אויף יידן, און די בעסערע, באַוווסטזיניקע יוגנט האָט זיך געשטעלט אין די רייען פון דער יידישער זעלבשוץ, וועלכע האָט זיך געהיים אָרגאַניזירט אין ביאַליסטאָק און אין דער אַרומיקער געגנט.

אויך איך בין צוגעשטאַנען צו דער זעלבשוץ־באַוועגונג און האָב זיך אין איר אַקטיוו באַטייליקט.

איך בין צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַנדערע יידישע יוגנטלעכע אַרומגעפאָרן

איבער די אַרומיקע יידישע שטעטלעך וואַסילקאָווע, טישעווע און זאַמבראָווע צו דערוועקן די אָרטיקע יידישע באַפעלקערונג און רופן זיי צו שטעלן זיך אָר־גאַניזירטע און באַוואָפנטע קעגן די דראָענדיקע פּאָגראָמשטשיקעס. איך געדענק ווי אין זאַמבראָווע האָב איך אין אַ בית־מדרש ביים עמוד געהאַלטן אַ פלאַמיקע רעדע וועגן זעלבשוץ און אויסגעשריען: „יידן, מיר מוזן אָרגאַניזירן זיך קעגן פּאָגראָמען, פאַרייניקט אייך, מען זאָל אונדז ניט אויסשעכטן. מיר דאַרפן זיך אַלע פאַרייניקן קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס!"

איינער אַ פורמאַן האָט אַ געשריי געטאָן: „פּאָליציי קומט!". ער האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן און דורכגעפירט דורך אַ זייטיקן חסידים־שטיבל און אַרויסגעפירט פון זאַמבראָווע מיט אַ פור. דערנאָך האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז דער שמש איז צוגעקומען צום עמוד און האָט אויסגעשריען: „דאָ איז געשטאַנען אַן אשת איש!"

איך בין אַרעסטירט געוואָרן און געזעסן אַ צייט פאַרשפּאַרט הינטער די גראַטעס און געשלאָפן אויף האַרטע ברעטער.

דאָס האָט געווירקט אויף מיר ענדגילטיק צו פאַרלאָזן רוסלאַנד.

מיין מאַן אברהם, וועלכער האָט זיך שוין אין יענער צייט געפונען אין שיקאַגאָ, אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, האָט מיר געשיקט אַ שיפס־קאַרטע און אין האַרבסט פון יאָר 1912 בין איך אַרויסגעפאָרן פון רוסלאַנד מיט דער רוסישער שיף „קראָנשטאַט" און בין אָנגעקומען קיין שיקאַגאָ, וווּ עס האָט זיך אין משך פון די יאָרן פאַנאַנדערגעוויקלט מיין פילזייטיקע אַרבעט אויפן געביט פון קינסטלערישער קאָסטיומירונג, טעאַטער־שפּיל און רעזשי, סקולפּטור און יידישער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

אַ יונגע און פלייסיקע בין איך אָנגעקומען קיין אַמעריקע. באַלד ביים אָנקומען האָב איך דערפילט מיט אַלע חושים דעם טעם פון פערזענלעכער פרייהייט. איך האָב מיך געשפּירט ווי אַ יונגער פויגל, וואָס האָט זיך אַרויס־געריסן פון שטייג, פון פאַרקנעכטעטן צאַרישן רוסלאַנד.

איך בין געווען גרייט אַריינצוטרעטן, גלייך מיט אַלע יידישע איינוואַנדע־רער, אין דעם עקזיסטענץ־קאַמף, אַרבעטן אין אַ שאַפּ, און לעבן פון אייגענער פּראַצע. אָבער דער ווילן אָפּצוגעבן זיך מיט יידישער קולטור־אַרבעט און קונסט, אין דער ערשטער ריי מיט גוטער פּראָגרעסיווער טעאַטער־אַרבעט, האָט מיך באַלד באַוועלטיקט. ער איז געווען אין מיר איינגעוואָרצלט זינט די ערשטע טעאַטער־אויפטריטן אין ביאַליסטאָק, אין גראָדנע און אין ווילנע.

מיטן אָנקומען צו די אַמעריקאַנער ברעגן האָט מיין אַקטיאָרישער טאַלאַנט

געפונען אַ גינציקן באָדן פאַר זיין וויטערדיקער אַנטוויקלונג עס האָט מיך אינסטינקטיוו געצויגן צו די יידישע פּראָגרעסיווע קולטור־קרייזן און צו די אַרבעטער־קרייזן, צווישן וועלכע איך האָב געהאַט פאַרבראַכט מיין ערשטע יוגנט אין ביאַליסטאָק.

זינט דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פונעם יאָר 1905 און דעם אָנקום פון דער רעאַקציע מיט די פאַרשטאַרקטע רדיפות אויף יידן האָב איך, פּונקט ווי אַלע אַנדערע יוגנטלעכע און דער פּראָלעטאַרישער אינטעליגענץ, געזוכט אין אַמעריקע אַ פּאָזיטיוון המשך פאַרן קולטור געזעלשאַפטלעכן לעבן און שאַפן.

נאָך ניו־יאָרק איז שיקאַגאָ געווען אין יענע יאָרן דער גרויסער צוציאונגס־צענטער פאַר דער יידישער עמיגראַציע בכלל און פאַר פּראָגרעסיווע קולטור־טוער בפרט.

יענע יאָרן זענען געווען באמת פּרילינגס־יאָרן פון יידישער קולטור־אַרבעט אויף אַלע געביטן. סיי אויפן געביט פון טעאַטער און סיי אויפן געביט פון געזאַנג, מאָלעריי, פון שול און ליטעראַטור האָט זיך די אַרבעט ניט געפירט דורך שאַבלאָניקע פּראָפעסיאָנאַליסטן־צופאַסלער, נאָר איז געווען באַהויכט מיט דעם גייסט פון אַן אידעע, דיקטירט דורך דעם רצון צו דינען דעם איי־גענעם פאָלק, אונטערצוהאַלטן זיין עקזיסטענץ, אַנטוויקלען זיינע קולטור־גיטער.

אין מיין איניציאַטיוו־אַרבעט האָט מיר באַלד אין די ערשטע יאָרן שטאַרק אַרויסגעהאָלפן די סאָלידאַרישע מיטאַרבעט פון מיין מאַן אברהם,

מיין מאַן איז געקומען קיין שיקאַגאָ מיט אַ צייט פאַר מיר. מיט זיין פלייסיקייט און גרינטלעכער קענטעניש פון העברעאיש האָט ער שוין פאַרלייגט די ערשטע יסודות פאַר אַ מאַטעריעלער עקזיסטענץ און ער האָט מיך אַרויסגערופן צו זיך.

ער איז געווען אַן איבערצייגטער פּועלי־ציוניסט און אַן אַקטיווער מיטגליד פון „יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד", וועלכער איז געשטאַנען אין די פּרילינגס־יאָרן פון זיין עקזיסטענץ. ער האָט גוט געאַרבעט אַלס מיטרע־דאַקטאָר — צוזאַמען מיט ד"ר ה. מ. פּאָמעראַנץ און פ. פאַטמאַן — פון דעם זשורנאַל „חברים־לאַנד", וועלכן עס האָט אַרויסגעגעבן דער שיקאַגער „יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד" און האָט דאָרטן פאַרעפנטלעכט זיינע קרי־טישע אַרטיקלען; אין דעצעמבער 1923 האָט ער דאָרטן פאַרעפנטלעכט זיין אַרטיקל „הינטער די קוליסן", ווו ער האָט קריטיקירט די טעאַטער־פאַרשטע־

לונג פון דוד פּינסקים „דער אוצר״ ער האָט געגלייבט אין דער צוקונפט פון יידישן טעאַטער אין אַמעריקע און אַ צייטלאַנג האָט ער געפּלאַנט אַפילו צו גרינדן צוזאַמען מיט מאַרק אַרנשטיינען אַ זעלבשטענדיק יידיש טעאַטער אונ־טער אַרנשטיינס רעזשי.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער געוואָרן אַן אַקטיווער פּאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער „ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט״.

אין יאָר 1923 האָט ער זיך אָפּגעגעבן, אין נאָמען פון „יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד״ מיט דער גרינדונג פון דער חברים־קאָלאָניע פון דעם שלום־עליכם־ברענטש. ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון דער אַלטער היים אַ רייכן באַגאַזש פון יידישן וויסן, פון לומדישקייט און טראַדיציע. ער איז צו זיין קולטור־געזעלשאַפטלעכער, אָרגאַניזאַטאָרישער אַקטיווקייט געקו־מען דירעקט פון דער ביאַליסטאָקער ישיבה און פון רבי שמואל מאָהילעווערס בית־מדרש. ער האָט אַפילו געהאַט סמיכה אויף רבנות, און איז געווען דער „געלערנטער ייד״ און דער גוטער, נוצלעכער שותף אין מיין קינסטלערי־שער אַרבעט. איך האָב זיכער פון אים פיל געלערנט אין מיין קאָסטיומירונג פון ביבלישע און אַנדערע יידישע היסטאָרישע טיפּן, אין דער קינסטלערישער אויסשטאַטונג פון די חסידישע בעלער און ביי דער אויסמייסטערונג פון יידישע געשטאַלטן אין גיפּס, בליי, שטיין און אייזן. ער האָט מיך אויך שטאַרק דער־הויבן און אויפגעמונטערט דורך זיין גלויבן אין מיינע פעאיקייטן.

מיין קינסטלערישע אַרבעט האָט זיך די ערשטע צייט קאָנצענטרירט אויף דער קינסטלערישער קאָסטיומירונג. דאָס איז שוין פון סאַמע אָנהייב ניט געווען קיין פשוטע דעקאָראַטיווע אַרבעט, נאָר, ווי איך קאָן דאָס איצט נאָך פיל יאָרן אמתדיק אָנרופן, אַ שאַפונגס־אַרבעט אויפן געביט פון יידישער קונסט.

שוין אין יענער צייט איז מיין סטודיע געוואָרן אַ געמיטלעכער צוזאַמענקונפט־צענטער פאַר שיקאַגער יידישע שרייבער, אַרטיסטן, מאָלער, זינגער, שוישפּילער און רעזשיסערן.

איך האָב מיך ניט קיין לאַנגע צייט באַגנוגנט בלויז מיט דער פאָרמירונג און צוגרייטונג פון געשטאַלטן פאַר מאַסקעראַדן, בעלער, ביבלישע אָוונטן און פאַר דער בינע. איך האָב פיל מער אָרגאַניזירט מיט דערפאָלג און קינסטלעריש אויסגעשטאַט ספּעציעלע בילדער־אָוונטן און מיט אייגענער איניציאַטיוו אַרויס־געבראַכט פאַרן יידישן עולם טיפּן, דאָס רוב פון יידישער געשיכטע, וואָס זענען געווען באַרופן צו באַקענען די ברייטע יידישע קרייזן אין אַ לייכטער פאָרם מיט דער געשיכטלעכער ווירקלעכקייט פון אונדזער פאָלק.

אַ ווייטערדיקער, העכערער שטאַפּל פון קינסטלערישן אויפשטייג איז

שוין געווען מיין דירעקטער אַריסטריט אויף דער יידישער בינע, מיין איינ־שליסן זיך אין רעפּערטואַר פון די טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

דאָס האָט פון מיר פאַרלאַנגט אַ ווייטערדיקע פּאַרטיפונג און שטודירן די היינטצייטיקע יידישע און אַלגעמיינע דראַמאַטישע ליטעראַטור. איך בין מיט יעדן טאָג, יעדן יאָר אַלץ מער אַריינגעגאַנגען אין דער פּיאָנערישער, אויסטער־לישער משפחה פון די בויער פון אַ נייער יידישער קונסט און פון גוטן יידישן טעאַטער. איך האָב אויך געהאַט דערביי די גוטע געלעגנהייט צו באַקענען זיך פּערזענלעך און שליסן פריינדשאַפט מיט יידישע שרייבער, דערהויפּט מיט די, וועמענס ווערק מיר האָבן דראַמאַטיזירט, ווי פּרץ הירשביין, שלום אַש, מיט מיין לאַנדסמאַן אָסיפּ דימאָוו און מיט אַנדערע.

שוין אין יאָר 1917 האָב איך פּרץ הירשביינס „דעם שמידס טעכטער" און אונטער זיין אייגענער רעזשי געשפּילט די טאָכטער לאה־דאָבע.

אין שלום אַשס „דער טויטער מענטש", וואָס איז געשפּילט געוואָרן צוערשט אונטער דער רעזשי פון אברהם טייטעלבוים און בן ציון גאָרדאָן, מיט מוזיק פון יוסף טשערניאַווסקי און מיט דעקאָראַציעס פון ס. אַסטראַווסקי, ווו מאָרים מייסאַן האָט געשפּילט ר' חנבען און איך — יוספס מוטער.

זינט די אָנהייב־יאָרן פון מיין קינסטלערישער טעטיקייט אין שיקאַגאָ האָב איך זיך איינגעגלידערט אין דעם קאָלעקטיוו פון די פּראָגרעסיווע פאָלקס־טימלעכע שוישפּילער, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער געגרינ־דעטער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט.

מיר זענען אַלע — אויסער גאַנץ ווייניקע — געווען איינוואַנדערער פון רוסלאַנד און זענען געבליבן פאַרוואָרצלט אין מזרח־אייראָפּעישן יידנטום, אין זיין לעבן און שטייגער. גלייכצייטיק האָבן מיר אויפגענומען דאָס בעסטע פון דער אַמעריקאַנישער קולטור־סביבה.

איך וויל אויך צוגעבן, אַז איך בין אין משך פון די אַלע יאָרן נישט געבליבן איינגעשלאָסן אין דעם קרייז פון מיין טעאַטער־אַרבעט, ווי אויך נישט אין מיין קאָסטיומירונג־ און סקולפּטור־סטודיע. איך בין נישט געווען און נישט געוואָלט ווערן קיין ענג פּראָפעסיאָנעלע קינסטלערין. מיין צוגאַנג צו דער יידישער קונסט, ווי דער צוגאַנג פון די בעסערע שיקאַגער יידישע אַרטיסטן, שרייבער און קינסטלער איז שטענדיק געווען און געבליבן אַן אידעאישער. דאָס איז נישט געווען קיין שאַבלאָניקער טעאַטער־שפּיל, ווו דער שפּילער קערט זיך אום נאָך די רעפּעטיציעס און נאָכן אויספירן זיין פּערזענלעכע ראָל צוריק אין זיין ענגן קרייז פון פאַמיליע און פריינד, נאָר אַ צוזאַמענלעבן און צוזאַמעאַרבעט פון פאָלקסטרייע בויער פון יידישער קונסט אויפן אַמעריקאַנער

באַדן, דער אויסדרוק פון מיין פערמאַנענטן ווילן צו ברענגען טאָג־איין, טאָג־אויס מיין באַשיידענעם ביישטייער פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן קולטור־שאַפן, דעם ווילן צו פאַרבינדן די גרויסע גייסטיקע ירושה פון אונדזער פאָלק מיט הונדערטער, טויזנטער פעדים מיט דער מאָדערנער פראָגרעסיווער קולטור פון אַמעריקע און גלייכצייטיק אויפשטעלן באַריערן קעגן דער געפאַר פון אַסימילאַציע און נאַציאָנאַלער אויפגעריבנקייט.

דעריבער קאָן איך זאָגן אויפריכטיק, אַז מיין טעאַטער־אַרבעט, דאָס רוב אין דער ראַם פון דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט, איז נישט באַשטאַנען בלויז פון מיינע פערזענלעכע אַרויסטרעטונגען, וואָס זענען אָפּגעמערקט אין דעם ווייטער געבראַכטן אַרבעט־קאַלענדער. יעדע פאָרשטעלונג יעדער אַרויסטריט פון דעם טעאַטער־קאָלעקטיוו, איז געווען אַ פּראָדוקט פון וואַרעמע, סאָלידאַרישע באַראַטונגען און דויערנדע צוגרייטונגען אין וועלכע איך האָב זיך אַקטיוו מיטבאַטייליקט.

די אויפגאַבע, וועלכע איז געווען פאַר מיר אַ לעבנס־דעוויז, האָט גוט האַרמאָנירט מיט די אויפגאַבן פון דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט אין איר אויפרוף צום פאָלק זיך געשטעלט די אויפגאַבע „צו העלפן און שטיצן די יידישע קונסט און די יידישע קינסטלער, אויפפירן און שטודירן די דראַמאַטישע קונסט, אירע פאָרמען און פאַזן, שטיין אין פאַרבינדונג מיט דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, העלפן דורכפירן קינסטלערישע אָוונטן, פאַרשפּרייטן שאַפונגען פון שיינער ליטעראַטור און זיין אַלגעמיין טעטיק אויף אַלע קולטור־געזעלשאַפטלעכע געביטן״.

שווער איז געווען דער וועג פון יידישן טעאַטער אין אַמעריקע און האַרב זענען געווען די פּראָבלעמען, וואָס זענען פאַר אונדז אַלעמען געשטאַנען.

איך געדענק ווי ערנסט עס האָט זיך וועגן דער לאַגע פון אונדזער טעאַטער דעמאָלט אַרויסגעזאָגט חיים אראשקעס, דער דעמאָלטיקער פאָרזיצער פון שיקאַגער „איקוף״.

אין זיין ביכל „גר צדק״ שילדערט ער די אויפפרישנדיקע און אידעאיש־קינסטלערישע אַטמאָספער, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן דורך די פאָרשטעלונגען אין דער ראַם פון דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט און גלייכצייטיק אויך די שוועריקייטן, מיט וועלכע עס איז אויסגעקומען זיך צו ראַנגלען און צו מיען זיך זיי צו איבערוואַרפן.

„דאָס מאָדערנע יידישע טעאַטער — שרייבט חיים אראשקעס אין זיין אַרטיקל „דער קולטור־באַטייט פון מאָדערנעם יידישן טעאַטער״ — איז אַ קינד פון דער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט זיך אין די לעצטע יאָרן אויסקריסטאַליזירט

און דורך פּראַקטישע מעשים זיך פאַרוואָרצלט אין אונדזער שטייגער־לעבן. עס קאָן נישט אָפּגעטיילט ווערן פון דער פאָלקס־שפּראַך, פון דער ליטעראַטור און פון אַלע אַנדערע עלעמענטן פון קולטור־שאַפן ווייל אין זייער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג איז פאַרזיכערט זיין קיום".

„צום באַדויערן איז דאָס מאָדערנע יידישע טעאַטער, וואָס באַגייסטערט אונדז שטאַרק, אַרומגערינגלט מיט שטערונגען באַזונדערס דאָ אין אַמעריקע. דער קינסטלערישער דראַנג, וואָס לעבט אין דעם פּיאָנער־טעאַטראָל ווערט אָפּט דערשטיקט אין דער אַטמאָספער פון היגן פּראָזאַאישן און קאָמערציאַליזירטן לעבן. דאָס זעען מיר באַזונדער אין שיקאַגאָ בנוגע דעם מאָדערנעם דראַמאַטישן טעאַטער, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט אַ יאָר צוריק דורך דער דראַמאַ־טישער געזעלשאַפט מיטן זייער באַגאַבטן אידעאַליסטישן דירעקטאָר י. בולאָוו — אַרבעטן מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט, מיט אַ מסירת נפש, וואָס איז איינפאַך אוממעגלעך צו פאַרשטיין. דאָס טעאַטער האָט נאָך נישט אונטער זיך דעם פעסטן און זיכערן באָדן... דאָס טעאַטער נייטיקט זיך אין אַ נאָענטער קאָאָפּע־ראַציע מצד דער אוידיטאָריע, וואָס זאָל נישט נאָר געבן מאַטעריעלע מיטלען, נאָר זאָל אויך אויסדריקן די איבערצייגונג אין דער נייטיקייט פון אַזאַ אינ־סטיטוציע אין שטאָט און אַ שטאַרקן ווילן צו פאַרפעסטיקן זיין עקזיסטענץ".

*

די באַלפור־דעקלאַראַציע און דער רעגלאַמענטירטער בריטישער מאַנדאַט אויף ארץ־ישראל האָבן דערהויבן די מידע געזונקענע געמיטער פון וועלט־יידנטום, האָבן באַנייט די קאָנטאַקטן צווישן די יידישע יישובים, וואָס זענען געווען געשפּאָלטן דורך די מלחמה־פראָנטן. עס איז אָנגעקומען אַ תקופה פון אויפלעבונג אויך אויפן געביט פון דער יידישער קולטור און קונסט, און די שפּירזאַמע קרייזן פון פּראָגרעסיווע יידן אין שיקאַגאָ האָבן דאָס טיף דער־פילט און האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן אויפן רוף פון פאָלק. אונדזער גייסטיק לעבן האָט זיך באַשטראַלט מיט אַ ניי ליכט און האָט באַלד נאָך דעם שטאַרק געווירקט אויפן טעמפּ און אינהאַלט פון מיין אייגענער אַרבעט אַלס שוישפּילערין און קינסטלערין.

דאָס איז געווען אין האַרבסט 1919, דעם 14טן סעפּטעמבער, ווען עס איז ביי אונדז דערשינען — צום ערשטן מאָל אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט — דער העברעאישער מוזיק־אַנסאַמבל „זמרה", וועלכער איז אָנגעקומען קיין

אַמעריקע ביי דער געלעגנהייט פון דעם 22סטן אַליערלעכן צוזאַמענפאָר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע.

אין די 30ער יאָרן האָב איך געשפּילט אין ראָם פון דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט מיט יוסף בולאָוו, יעקב בן־עמי, בערטאַ גערסאָן און



צילע אַדלער

מיט אַנדערע דיריגענטן. איך האָב אויך אונטערגענומען אַ טורנע איבער די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע צוזאַמען מיט דער באַגאַבטער יידישער אַר־טיסטין צילע אַדלער, מיט וועלכער איך האָב פּראָדוקטיוו מיטגעאַרבעט, בפרט

אין יאָר 1934 און פֿאַרבונדן מיט איר אויך נאָענטע פֿריינדלעכע באַציאונגען. מיר האָבן אויסגעאַרבעט בילדער פֿון תנ״ך און פֿון דער יידישער געשיכטע פֿאַר „הדסה״, פֿאַרן „יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד״, פֿאַר פּועלי־ציון און פֿאַר אַנדערע קולטור־אָרגאַניזאַציעס און דערציאונגס־אַנשטאַלטן.

זי איז בכלל געווען איינע פֿון די באַחנטע און באַליבטע טאַלאַנטפֿולע יידישע אַקטריסעס.

נאָך אין דער וואַרשעווער תקופֿה פֿון איר שוישפּילערישער טעטיקייט, האָט שוין די יידישע פּרעסע פֿון יענער צייט מיט באַגייסטערונג געשריבן וועגן אירע טעאַטראַלע אויפֿטריטן:

„זי שפּילט יעדע רגע, וואָס זי איז אויף דער בינע. וואָס פֿאַר אַ מימיק, וואָס פֿאַר אַ פֿרייקייט. זי קעכלט יעדעס וואָרט, וואָס זי ברענגט אַרויס פֿון איר מויל. אַ געפּערלטע יידישע שפּראַך...״ (י. מ. ניימאַן אין „היינט״).

„צילי אַדלער ברענגט אַריין איר אייגענעם דרך, איר אייגענעם ווילן... זי פֿאַרטיפֿט יעדן פּרט. קיין שום באַוועגונג, קיין שום אויסדרוק איז ביי איר נישט צופֿעליק. זי ברענגט אַריין אמת אין אירע געשטאַלטן...״ (י. פּערלע אין „מאָמענט״).

אין דער שולע פֿון קונסט־אינסטיטוט האָב איך מיטגעאַרבעט מיט מיין לאַנדסמאַן יוליוס אַדלער.

פֿון צייט צו צייט פֿלעג איך אַרויסטרעטן אויך אין געזעלשאַפֿטלעכע אָוונטן אַלס דעקלאַמאַטאָרין פֿון אויסדערוויילטע לידער פֿון היינטצייטיקע גרויסע יידישע דיכטער. דאָס האָט מיר געגעבן די גוטע געלעגנהייט אַרויסצוברענגען אין דער פֿאָרעם פֿון אַ סאָלאָ־אויפֿטריט מיין דראַנג צו באַקענען די יידישע מאַסן אויף אַ קינסטלערישן אופֿן מיט די שאַפֿונגען פֿון אונדזערע דיכטער. איך געדענק, אַ שטייגער, ווי איך האָב אויף אַ ריי אָוונטן געלייענט אַ גרעסערן פֿראַגמענט פֿון ה. לייוויקס „לעגענדע״.

די ליטעראַריש־דראַמאַטישע געזעלשאַפֿט פֿלעגט אויך איינאָרדענען פֿאַר־ווײַלונגס־אָוונטן מיט אַ פֿאַרשידנאַרטיקן פּראָגראַם, אויף וועלכע עס פֿלעגן געלייענט ווערן פֿאָרלעזונגען, געזונגען און דעקלאַמירט ווערן לידער. איך פֿלעג מיך אַקטיוו באַטייליקן אין אַזעלכע אָוונטן מיט דעקלאַמאַציעס. אויף איינעם פֿון די דאָזיקן אָוונטן איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ פֿאָרלעזונג דער יידישער שרייבער מנחם. די דאָזיקע ליטעראַרישע אָוונטן האָט באַשטראַלט מיט דעם ליכט פֿו זיין איניציאַטיוו־רייכן און פֿאַלקסטימלעכן מוזיקאַלישן שאַפֿן, דער אומפֿאַרגעסלעכער יידישער קאָמפּאָזיטאָר יעקב שיפּער (1888—1936), וועלכער

האָט צווישן אַנדערע שאַפונגען אויך געשריבן די מוזיק צו י. ל. פּרצס סאַציאַ־לער דראַמע „צוויי ברידער״.

אַ גרויסער טייל פון מאַסקן־בעלער און באַלעטן זענען, דערהויפּט אין די 20ער און 30ער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט, אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די שיקאַגער פועלי־ציון, דאָס רוב אונטער מיין דירעקציע און מיט מיין קאָסטיומירונג־אַרבעט. אויף ענלעכע מאַסקן־בעלער האָט זיך מיר איינגעגעבן אַרויסצופירן אויף דער סצענע אַזעלכע בילדער ווי יפתחס טאָכטער, שאול און די מכשפה, חלוצים נאָך דער אַרבעט.

איך האָב מיך אָפּגעהאַלטן פון וועלכער ניט איז ענג־פּאַרטייאישער פּאָלי־טישער איינשטעלונג. איך האָב באַטראַכט די יידישע פאָלקס־קונסט אין איר ברייטסטן פאַרנעם אַלס אַ פאָלקס־זאַך, וואָס דאַרף אַרום זיך פאַראייניקן אַלע שיכטן און פּאַרטייען. דעריבער איז מיר געווען באַזונדער צום האַרצן, אַ שטייגער, ווען דער הירש לעקערט אַרבעטער־קלוב האָט פאַר מיר איינגעאָרדנט אַן ערן־אָוונט, אויף וועלכן איך האָב אינטרואירט די דראַמאַטישע גרופּע.

מיר האָבן אויפגעפירט די דראַמע פון חבר־פּאַוער (גרשון איינבינדער), וועלכער איז געווען איינער פון אונדזערע יונגע און באַליבטע שרייבער, „די כאַפּער״, פון דער צייט ווען מען פלעגט כאַפּן יידישע יינגלעך אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד און אָפּגעבן זיי פאַר סאָלדאַטן. איך פאַרמאָג נאָך אין מאַ־נוסקריפּט אַן אַקט פון זיינער אַ דראַמע, וועלכן ער האָט מיר צוגעשיקט צום שפּילן אין ראַם פון דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט.

נאָך לאַנגע יאָרן, וואָס זענען אַריבער זינט מיין יוגנטלעכן טעאַטער־שפּיל אין פוילן און רוסלאַנד, האָב איך מיך באַקענט מיטן פּאָפּולערן יידישן רעזשי־סער יעקב ראָטבוים, וועלכער איז אָנגעקומען קיין שיקאַגאָ. ער האָט באַזוכט מיין שטודיע און האָט זיך באַזונדער לעבהאַפט אינטערעסירט מיט מיין אַרבעט, גאַנץ באַזונדער מיט מיינע סקולפּטורן פון יידישע שרייבער, געלערנטע און קינסטלער.

אַלס אָביעקטיווע עדות פון שרה פּאַטס פּיליאַריקער טעטיקייט אויפן געביט פון יידישער קונסט אין שיקאַגאָ און גלייכצייטיק אַלס אַ באַשיידענער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידישער קולטור־אַרבעט אין אַמעריקע קאָן גילטן די רשימה פון פאַרשטעלונגען, קאָנצערטן, געדענק־אָוונט, און מאַסקע־ראַדן, אין וועלכע זי האָט געשפּילט אָדער וועלכע זי האָט רעזשיסירט, קאָס־טיומירט אָדער וועלכע זי האָט אַנדערש ווי מיטגעהאָלפן צו פאַרווירקלעכן דורך איר מיטאַרבעט מיטן אַנסאַמבל אין משך פון די איבער פערציק יאָר פון איר קינסטלערישער טעטיקייט.

אין איר פערזענלעכן ארכיוו האָבן זיך אָפּגעהיט אין אַ געוויסער מאס די דאַטעס, די טעג, חודשים און יאָרן אין וועלכע עס זענען פאָרגעקומען די איינצלנע קינסטלערישע דערשיינונגען. דאָרטן אָבער ווו אויף די איינצלנע פּראָגראַמען, וואָס געפינען זיך אין איר אַרכיוו, פעלט די אָנצייכענונג פון דעם יאָר, געהערן, די קינסטלערישע אויפטרעטונגען דאָס רוב צו דער תקופה פון די 30־ער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט.

מיר פירן זיי אָן צוזאַמען מיט די דאַטירטע פאַראַנשטאַלטונגען.

אין יאָר 1914, דעם 20סטן דעצעמבער איז פאָרגעקומען איר ערשטער אַריינטריט אין די פּיאָנערישע יידישע קינסטלער־קרייזן. דאָס איז געווען 5 יאָר נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט. די טעאַטער־פאָרשטעלינגען זענען דאַן פאַראַנשטאַלטעט געוואָרן דורך דער דראַמאַטישער סעקציע פון יידישן ליטעראַטור־און קונסט־פאַריין אונטער דער לייטונג פון חיים האָרעשקעס, מיט וועלכן זי האָט זיך באַקענט און באַפריינדעט. מען האָט געשפּילט דאַן אין הולל־הויז „די משפחה“, אַ דראַמע אין 4 אַקטן פון ה. ד. נאָמבערג, ווו זי האָט שוין געשפּילט די ערשטע יידענע (פסעוודאָנים ס. פּ.).

אין יאָר 1915, דעם 18טן אַפּריל האָט די דראַמאַטישע סעקציע פון יידישן ליטעראַטור־ און קונסט־פאַריין געשטעלט פּרץ הירשביינס איינאַקטער „אליהו הנביא“, ווו זי האָט געשפּילט די ראָל פון כאַשע־דאָבע, די פרוי פון חיים דוויד דעם דאָרפסמאַן.

אין זעלביקן יאָר, דעם 24סטן אָקטאָבער האָט די דראַמאַטישע סעקציע פון יידישן ליטעראַטור־ און קונסט־פאַריין איינגעאָרדנט אין הולל־הויז אַ י. ל. פּרץ־אָוונט מיט דריי אויפפירונגען: „נאָך קבורה“, „עס ברענט“ און „די שוועסטער“.

# סענטראל מיוזיק האלל
וואבאש—וועבביורען

אבשיעדס אבענד פאר

## פרץ הירשביין

**זונטאג אבענד, דעם 18 פעברואר 1917**

אראנזשירט פון דער

**ליטעראַרישע דראמאטישע געזעלשאפט**

עס ווערט אויפגעפיהרט

## דעם שמידס טעכטער

דראמא אין 3 אקטען פון פ. הירשביין

פערזאנען:

נחמן בער, א שמיעד אין דארף..סלאנימסקי
שמואל שמחה, זיין פאטער.....רובינשטיין
לאה דאבע } זיינע טעכטער ....שרה פאט
זעלדע } זיינע טעכטער ....לינעיקין
ניסן אלתר } ארבייטער ....מעטיום
ברוך משה } ארבייטער ....מעיסאן
א מוכר ספרים'ניק............צוקערמאן

רעזשיסאר, פרץ הירשביין

סופלאר, ארעשקים

The Art Press, 1334 West 12th Street 336

# שלום עליכם
# מעמאריאל מיטינג

## זונטאג אבענד דעם 20טען מאי, 1917
## אין היברו אינסטיטוט

### פראגראם

1. ערעפענונגס רעדע..................ווס נאטאוזאו
2. פיאנא סאלא
Marche Funebre.................Chopin
ESTHER BERGER
3. פארלעזונג, "דאקטורים" פון שלום עליכם......נ. לעוויצקי
מיטגליעד פון שלום עליכם יוגענד קלוב
4. רעדע..............................ק. מרמר
5. פידעל סאלא
Legende.................... Wieniawski
ISRAEL BERGER
6. רעדע..............................ל. זאלאטקאף
7. פארלעזונג, "ס'ליגען" פון שלום עליכם.......מענדעלסאהן
מיטגליעד ליט. דראמ. געזעלשאפט
8. רעדע..............................מנחם

אינטערמישיאן

# "מענשען"

א דראמא אין איין אקט פון **שלום עליכם**

אויפגעפירט פון

## ליטעראריש. דראמאט. געזעלשאפט

### פערזאנען:

דניאל: אנ"אלטער הויזדינער..............מר. רובינשטיין
הערץ: אנ"עלעגאנטער משרת..............מר. מעטיום
ריקעל: א קעכין..............מרס. פאט
פישעל: איהר מאן..............מר. ראער
ליזא: א שטוב מיידעל..............מרס שטיינבערג
רעוועטשקע: א שטוב מיידעל..............מיסס קרופ

# Folks Concert and Ball

given by

## Poale Zion, Br. 1

## Sunday, Dec. 16

**Afternoon and Evening**

**at the**

## Douglas Park Auditorium

**Kedzie and Ogden Aves.**

**PROGRAM**

1) Piano Solo — — — — Miss Poile
2) Scene — — — — — — — — — חנוכה
3) Violin Solo — — Master S. Dolnick
4) Scene — — — — — דער רבי און פילאָזאָף
5) Vocal Solo — — — — — J. Elenhorn
6) Scene — — — — — — כנור דוד
7) Vocal Solo — — — Miss Friedman
8) Scene — — — — — — השומר

Music by Elenhorn

Costumes — Sarah Patt

Dancing at 7:30 P. M. Tickets 25c

379

אין יאָר 1917, דעם 16טן פעברואַר איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין דעם דזשונעאַ־האָל אין מילוואָקי, דורך די דאָרטיקע „פועלי־ציון״־אָרגאַניזאַציעס אַן אָריענטאַלישער מאַסקן־באַל לויט די קינסטלערישע מאַסקעס, וועלכע זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך שרה פּאַט.

THE TWELFTH ANNUAL POALE ZION

# BIBLICAL MASQUERADE BALL

WILL TAKE PLACE

## Saturday Evening, March 10th, 1917

AT THE

## NEW SECOND REGIMENT ARMORY

Madison Street and Washtenaw Avenue

**CASH PRIZES**

for Biblical and Jewish Masques

This is the Most Beautiful, Instructive and Entertaining Jewish Ball in Chicago.

Given Under the Auspices of the CHICAGO POALE ZION

**Admission 25 Cents**

Information Bureau:
SARAH POTT, 1268 SO. ST. LOUIS AVENUE

**PREPARE for this Jewish Workingmen's Ball.**

(OVER)

# אריענטאלישער באלל

ווערט געגעבען פון די

## פועלי ציון ארגאניזיישאנס אין מילוואקי

## שבת אבענד דעם 16טען פעברואַרי 1918

אין אדיטאריאום, דזשונעא האלל (5טע און סטייט סטס.)

טיקעטס 50 סענט

די וואס ווילען זיך אריענטאליש מאסקירען קענען זיך ווענדען צו מרס. שרה פאטט פון שי־קאגא, וועלכע וועט זיך געפינען דיזע וואך, דעם 4טען, 5טען און 6טען יאנוואר אין אייבראהאם לינ־קאלן הויז פון 7 ביז 10 יעדען אבענד און ביי טאג ביי ס. סאלטיס 538 5טע סט. טעל. גינ. 3678R.

די קאמיטע.

אויסגעשטעלטע בילדער דורך שרה פאַט:

קין און הבל,
הגר און ישמעאל,
יצחק צו דער עקידה,
יעל און סיסרא,
משה און דער סנה,

שאול און דוד,
„השומר",
וווהין ?
על נהרות בבל,
די בלוטיקע קייט.

קומט אין מאַסען צום

# יעהרליכען נאַציאָנאַלען

# מאַסקאַראַד באַל

געגעבען פון דעם

## אידישען נאַצ. אַרב. פערבאַנד

שבת, אָב. דעם 17טען נאָוועמבער 1917

## אין דאָגלאַס פּאַרק אוידיטאָריום

קאָרנער קעדזי און אָגדען עוועניוס.

עס וועט פאָרגעשטעלט ווערען די בעסטע, אינטערעסאַנטעסטע און שעהנסטע נאַ-ציאָנאַלע מאַסקען.

5 פּרייזעס אין קעש וועלען געגעבען ווערען צו די אינטערעסאַנטסטע מאַסקעס.

פאַר אינפאָרמאַציע זיך ווענדען צו מר. און מרס. פּאַט, 1268 סויטה סענטראַל פּאַרק עוועניו.

צעהן פּראָצענט פון פּראָפיט געהט פיר די נאַציאָנאַלע ראַדיקאַלע שוהלען.

אַנפאַנג 8 אוהר. טיקעטס 25 סענט.

370

עס זענען געוועזן פאָרגעשטעלט:

דער יידיש-נאַציאָנאַלער אַרבעטער-פאַרבאַנד

די רוסישע רעוואָלוציע

די נביאות פון נביא ישעיה

דער ווידעראויפקום פון אונדזער פאָלק

דער יידישער אַרבעטער

דעם 2טן מערץ 1918 איז פאָרגעקומען דער ביבלישער בילדער־באַל פון „פועלי־ציון” אין סעקאָנד רעדזימענט ארמארי, ווו עס זיינען אויפגעפירט געוואָרן די בילדער: נזיד עדשים, די מרגלים, ורצע אדוניו את אזנו במרצע, דניאל אין לייבנגרוב, אמנון און תמר, שאול און דוד אין אַ הייל, בלשצר און דניאל, נתן הנביא און דוד המלך, אליהו הנביא און דער אלמנהס קינד, די נביאים פון גאָט און די נביאים פון בעל, אלישע הנביא און דער קרוג בוימל, קעניג צדקיהו אַ בלינדער געפירט אין גלות, אַ מאָנומענט באַראַכאָוון, די ענג־לישע דעקלאַראַציע און אַנדערע.

דער שענסטער באַל פון סעזאָן
דער 14טער יעהרליכער

# ביבלישער מאסקען באלל

געגעבען פון די שיקאגא'ר

## פועלי ציון

שבת אווענד, 29טען מארטש
אין גרויסען וועסט סייד אודיטאריאום
קאר. טיילאר סטריט און ראסין עוו.

די שענסטע היסטארישע בילדער וועלען געצייגט ווערען אונטער'ן אויפזיכט פון
**אברהם און שרה פאט**

פרייזען וועלען געגעבען ווערען פאר די בעסטע מאסקען.

פאר אינפארמאציעס און פאר טיקעטס ווענדעט זיך אין פועלי ציון אפיס, רום 1145-5 בלו איילאנד עוו.

**טיקעטס 25 סענט**

מיוזיק פון ראזענ'ס
יוניאן ארקעסטרא

זעהט אונזערע ווייטערע אנאנסעי!

372



# פראגראם:

1—

א  יפתח׳ס טאכטער ערוואַרטעט איר פאטער, דעם העלד, פון דער מלחמה מיט די פלשתים.

ב  יפתח מיט די אנשי חיל קומען זיגרייך פון שלאכט-פעלד.

ג  יפתח׳ס טאכטער באגעגענט איר פאטער מיט א יובעל-טאנץ.

ד  יפתח אין פארצווייפלונג וואס ער דארף זיין טאכטער ברייגנען פאר א קרבן.

ה  יפתח׳ס טאכטער שיידט זיך אפ פון לעבן דורך א טויטן-טאנץ.

2  שאול און די מכשפה.

שאול המלך וויל וויסן דעם שיקזאַל פון זיין ארמיי בעפאר ער גייט ארויס אויף מלחמה מיט די פלשתים. ער גייט צו די מכשפה, וועלכע ברייגגט ארויס שמואל הנביא פון זיין קבר און ער זאגט שאול׳ן וואס מיט אים און מיט זיין ארמיי וועט פאסירן.

3  די באלאגערונג פון יריחו.

יהושוע בן נון אין דער שפיץ פון זיין ארמיי, באלאגערט די פעסטונג פון יריחו. פון די קולות פון די שופרות פאלן איין די ווענט פון פעסטונג און די שטאט יריחו ווערט באצוואונגען.

4  ״די צייט״

א לעבעדיגע בילד וואס וועט פארקערפערן די אידעאַלן און שטרעבונגען פון אונזער ארגאן.

5  חלוצים נאך דער ארבייט.

עס איז פינסטער. די זון איז שוין לאנג אונטערגעגאנגען און די חלוצים האבן שוין געענדיגט זייער שווערן טאג ארבייט. זיצן זיי ארום א פייער אויף׳ן בארג כרמל אונטער דער שיין פון ארץ ישראל׳דיגע לבנה און זינגען לידער פון ארבייט און קאמפף.

אַ באַזונדער נחת־רוח האָט פאַרשאפן שרה פאַט די איינלאַדונג, וואָס זי האָט באַקומען אין מאַי 1918 אין מילוואָקי פון דער דאָרטיקער יידישער גע־מיינדע און פון פרוי גאָלדע מאיר, דעמאָלט אַ יידישע לערערין אין מילוואָקי, איצט פרעמיער פון דער ישראל־מדינה, צו אָרגאַניזירן קינסטלעריש־טעכניש די יידישע פראָגראַם פון דעם גרויסן פעלקער־פיידזשענט, וואָס איז געווען באַרופן צו עפענען אַ ניי בלאַט אין דער געשיכטע פון די פעלקער און פון שלום אויף דער וועלט. שרה פאַט איז געווען די הויפט דירעקטאָרין און קינסטלערישע צוגרייטערין פון דעם פייערלעכן יידישן אָוונט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין דער ראַם פון דעם גרויסן „פעדזשענט", ווו עס זענען, לויט אברהמס איני־ציאַטיוו, דורך שרה פאַט אויסגעפאַרטיקט און אויסגעשטעלט געוואָרן פאַל־גנדיקע בילדער: מתן תורה; חורבן בית המקדש; יידישע וואַנדערער געפינען פרייע און אָפענע טירן אין אַמעריקע; אברהם לינקאָלן נעמט־אויף די אָנקו־מענדיקע יידן; די יידישע האָפענונג (מיט גאָלדע מאיר).




גאָלדע מאיר טרעט אַרויס אויפן פעדזשענט אין מילוואָקי, דעם 17טן מאַי 1918

דער צווייטער יעהרליכער

# נאציאנאלער מאסקאראד באל

פון דעם דיסטריקט קאמיטעט

## אידישען נאציאנאלען ארבייטער פארבאנד

וועט געגעבען ווערען

## שבת אווענד, נאוועמבער דעם 16טען, 1918

### אין טעמפל דזשודעא, 1227 אינדעפענדענס בולווארד

נעבען 12טע סטריט

אויסערגעוועהנליך שעהנע נאציאנאלע בילדער וועלען פארגעשטעלט ווערען. די שעהנסטע נאציאנאלע מאסקעס וועלען קריגען ווערטפולע פרייזען.

**אנפאנג 8 אזייגער** **טיקעטס 25 סענט**

נ. ב. פאר אינפארמאציעס וועגען מאסקעס ווענדעט זיך צו אברהם און שרה פאט, 884 נ. רידזשמאנד עוו.

„אויפן גרעניץ״, קאָמעדיע פון סאָוויעטישן לעבן אין 4 אַקטן פון אברהם וועוואָרקי, געשפּילט אין פאָלקסאינסטיטוט־טעאַטער.

דעם 5טן אַפּריל 1919 איז אין צענטראַלן מוזיק־האָל פאָרגעקומען אַ פייער־לעכער אָוונט לכבוד דעם 10־יאָר־יקן יובילייִ פון דער ליטעראַריש־דראַמאַ־טישער געזעלשאַפט און עס איז געשטעלט געוואָרן פּרץ הירשביינס דראַמע אין דריי אַקטן „גרינע פעלדער״ מיט דער פּערזענלעכער באַטייליקונג פון דעם מחבר, וועלכער האָט גערעדט צווישן די אַקטן.

אין זעלביקן טעאַטער־סעזאָן האָט די יידישע דראַמאַטישע געזעלשאַפט אויפגעפירט די „צוויי וועלטן״, אַ לעבנס־בילד אין 3 אַקטן פון י. ד. בערקאָ־וויטש, אין וועלכן יעקב־בן־עמי האָט געשפּילט דעם הויפּט־העלד נתן פּרייס, מאָריס מייסאָן — זיין ברודער דוד פּרייס און בערטאַ גערסטן — זיין ווייב מיראַ.

דעם 16טן דעצעמבער איז פאָרגעקומען אין דאָגלאַס פּאַרק אוידיטאָריום אַ פאָלקס־קאָנצערט און באַל מיט לעבעדיקע בילדער, צווישן זיי: השומר, חנוכה, כנור דוד, רבי און פּילאָזאָף, אַראַנזשירט פון „פּועלי־ציון״ ברענטש 1 אונטער דער דירעקציע פון יעקב עלענהאָרן. קאָסטיומען פון שרה פּאָט.

1919 אָרגאַניזירט דעם אַרויסטריט פון דעם פּיאָנערישן פּאַלעסטינאַ
אַנסאַמבל „זמרה", דעם „אַוואַנגאַרד פון קינסטלער־יידנטום".

# ZIMRO ENSEMBLE

---

## FIRST AMERICAN APPEARANCE

---

## Program of Jewish Folk Music

---

OPENING SESSION

Twenty-Second Annual Convention

Zionist Organization of America

AUDITORIUM, CHICAGO

*Sunday Afternoon September 14, 1919*

# A Brief Program
## OF JEWISH FOLK MUSIC
BY
# The Zimro Ensemble

Mr. S. BELLISON, Clarionet;
Mr. J. CHERNIAVSKI, Cellist;
Mr. G. MISTECHKIN, First Violinist;
Mr. K. MOLDAVAN, Viola;
Mr. G. BESRODNY, Second Violinist;
Mr. L. BERDICHEVSKY, Pianist.

1. Krein .............................................. Jewish sketch
2. Aisberg..... ....... ........ .......................Jewish Rhapsodie
   solo for piano. Mr. L. Berdichevsky
3. Kaplan: Jewish Dance. For 2 Violins
   Messrs G. Mistechkin and G. Besrodny.
4. Fitelberg—"To the Wedding"......... ............Music picture
   a. Kalebesezens
   b. A Redl

   Weinberg—Bellison
   c. Grandmother's stories
   Solo for clarionet
   Mr. S. Bellison
5. Weinberg — Romance — of Jewish Folk Songs
   Solo for Violin
   Mr. G. Mistechkin
6. Zeitlin—
   a. Eli Zion

   Cherniavsky—
   b. "Freilichs"
   Solo for Cello
   Mr. T. Cherniavsky
7. Engel—Suite 1.
   Arrangement for quintet by Mr. S. Bellison
   a. Chassid song
   b. Berceuse
   c. Gok (dance)
   d. Wedding melody
   e. Skoshna (dance)
   f. Chassid (dance)

*Ensemble.*

אין יאָר 1920 האָט זיך ווידער פאַרברייטערט די טעטיקייט פון דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט און אויך מיין באַטייליקונג אין ראַם פון דער געזעלשאַפט.

צו פּרצס יאָרצייט האָט די געזעלשאַפט פאַראַנשטאַלטעט דעם 11טן אַפּירל מיט דער באַטייליקונג פון די אַרבעטער־רינג־שולן און די פאָלקס־שולן אין דעם דאַגלאַס פּאַרק אוידיטאָריום אַ גרויסן י. ל. פּרץ יאָרצייט־אָוונט אונטערן פאָר־זיץ פון קלמן מרמר.

# י. ל. פרץ יאהרצייט אווגט

ארצנזשירט פון די
ארבעטער רינג שלן, אידישע פאלקס שולן
און ליטעראריש־דראמאטישע געזעלשאפט

**זונטאג, 11טן אפריל, 1920, 7:30 אוונט**

**דאגלאס פארק אודיטאריום**

## פראגראמע

ק. מרמר, פארזיצער

### I

1. ס'האט דער בייזער טויט (אפן טויט פון י. ל. פרץ) . . . בן־אליעזר
דעקלאמירט פון חיה גרינבערג, תלמידה פון א. ר. שולע נומ. 1.
2. סהאט דער בייזער טויט (נאך א פאלקס־ליד) . . . . . . . א. מ—ש
געזינגען פון כאר.
3. שלאגט דאס זייגערל איינס (פאלקס־ליד) . . . . . . . . א. מ—ש
(עגווידמעט די פריז־דינענזאן קינדער־היימען)
געזינגען פון כאר.
4. טרייסט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . י. ל. פרץ
דעקלאמירט פון רייזל פרידמאן, תלמידה פון א. ר. שולע נומ. 1.
5. טרויער־ליד . . . . . . . . . . . . . . מ. מ. ווארשאווסקי
געזונגען פון כאר.
6. די גאלדענע קייט (געווידמעט י. ל. פרץ) . . . . . . . . . א. רייזין
דעקלאמירט פון לייבוש יוקלסאן, תלמיד פון א. ר. שולע נומ. 2.
7. די לאדיער חבדניצע (חסידיש) . . ארצנזשירט פון זשיטאמערסקי
געזינגען פון כאר.

**אנטראקט 5 מינוט**

### II

8. **דר. חיים שזיטלאווסקי**

דאס לעבן און ווירקן פון י. ל. פרץ.

**אנטראקט 10 מינוט**

### III

9. **„די שוועסטער"**

א איין אקטער פון י. ל. פרץ
אויפגעפיהרט פון די ליטעראריש־דראמאטישע געזעלשאפט.

פערזאנען:

מירל, די עלסטע שוועסטער . . . . . . . . . . שרה פאט
אברהם'לע, איהר זון . . . . . . . . . מאסטער קאנעווסקי
לאה, די 2טע שוועסטער . . . . . . . . . . עלען קרופפ
נחמה, די דריטע שוועסטער . . . . . . . . . . מ. קאמשין
זרח, א שוסטער יונג . . . . . . . . . . מארים מעטיום
א פעלשעריונג . . . . . . . . . . . . . פאול בענטקאווער

רעזשיסירט פון יעקב בין.

אלע ווערק פון י. ל. פרץ אין 12 בענדער ווערט ארויסגעגעבען פון פערלאג „אידיש" ניו יארק. שיקאגער פארטרעטער ז. גאלדמאן, 3259 פאטאמאק עוו. מעל. בעלמאנט 4965, און ש. קארנגאלד. אדרעס פון פערלאג „אידיש" 201 איסט בראדוויי, ניו יארק. 379

„שלמהלעס חלום״, קינדער־פאָרשטעלונג אין 4 בילדער. ווערטער פון י. פאַט און י. גיליגיטש. כאָר און אָרקעסטער. דיריגירט פון אָשר יאַנאָסאָוויטש.

1920, דעם 12טן אָקטאָבער. אָוונט פון דער ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט אין היברו אינסטיטוט, מיט דער באַיילִיקונג פונעם שרייבער מנחם: דעקלאַמאַציע פון וואָגל־לידער — שרה פאַט.

# צום אַנדענקען פון שלום עליכם

## זונטאג אווענט, 23טען מאַי, 8 אַזייגער

### אין סענטראל מיוזיק האָלל

וועז ביורען סטריט און מישיגען בולוואַרד

ווערט אויפגעפיהרט פון די

## ליטעראַריש-דראַמאַטישע געזעלשאַפט

# „דאָס גרויסע געווינס״

א פאָלקס קאָמעדיע אין 5 אקטען פון שלום עליכם

### מיט דעם פאָלגענדען בעטייליגענדען פערזאָנאַל:

שימעלע סאראקער, א שניידער בן שניידער — — ה' אברהם ראָער
עטע מעניע, זיין פרוי, א טײַקאווע אידענע — — לאה שטיינבערג
ביילקע, זייער טאָכטער, א מיידעל א פארשוין — — שרה לעווין
מאָטעל קאָסאָי ( שניידער יונגען, ) — — — — ה' מ. מעטיום
קאָפּעל פאָלבאַן ( טשעפּקע בחורים ) — — — — ה' יונה רובין
אסקאר סאָלאָמאָנאָוויטש פיין, א איד א נגיד — — ה' י. וויקלער
גערטרודא וולאַדימיראָוונא פיין, זיין פרוי — מאדאם אבראַמסאָן
סאָלאָמאָן אסקאראָוויטש פיין, זער זוהן, א שעהנער יונג, יעקב קאַין
פאָלטון, א פריקאזטשיק ביי די פיינס, א בחור א
פארזעהניש — — — — — — — — — — — — ה' י. צוקערמאָן
סאָלאָווייטשיק, א מאָדערנער שדכן — — — — — ח' בן ציון גאָרדין
הימעלפאָרב, א בוכהאַלטער, א מענש מיט א צינגעל, ה' מ. מייזעל
וויגדאָרטשוק, א מענש מיט געדאַנקען — — — פאָול בענטקאָווער
רובינטשיק, זיינער א חבר — — — — — — — — —ה' ס. גענדין
פעריל די מיטניטשקע, פארקויפט מעהל און מאָהלט ווי
א מיהל — — — — — — — — — — — — — שרה פאַט
מענדיל דער לאָקי, א געוועזענער משרת — — — — ה' מ. מייסאָן
יוכבד די מויד, א שטוב מיידעל, א האָנאָריסטע
נקבה — — — — — — — — — — — — מאָדאָם אבראַמסאָן

א קצב, א באָקאָלייטשיק, גבאים, הערען און דאַמען און גלאָט אידען און ווייבער.

בן ציון גאָרדין, רעזשיסאָר ל. הערמאָן, געשעפטס־פערוואַלטער

טיקעטס צו בעקומען בוי:

ל. הערמאָן, 1309 ס. קאַרלאָו עווע., טעלעפאָן לאָנדייל 3143.

# יענקל בוילע

פישער-דראַמע אין 4 אַקטען |  | פון לעאָן קאָברין

ערשטע קונסט פאָרשטעלונג

אויפגעפיהרט פון דער

ליטעראַרישער דראַמאַטישער געזעלשאַפט

זונטאג בייטאג, דעם 24טען אקטאבער, 1920



## פרינצעס טעאַטער

קלאַרק סטריט און דזשעקסאָן בולוואַרד

שיקאַגאָ, איлл.

יענקל בוילע

# פראָגראַמע

ישעיה אַ קרעטשמאַר ....................... ל. בערנער
פרומע (זיין פרוי) ....................... לאה שטיינבערג
יענק׳ל בוילע (זייער בן יחיד) ....................... מאָרים מייסאָן
נחום נאָוואָסעלסקער (ישעיה׳ס ברודער) ....................... מאַטעלע מייזעל
חייקע (זיין טאָכטער) ....................... מינא קאמשיץ
הירש בער אַ פישער ....................... אברהם ראָער
זלמן צירעל׳ס אַ פישער ....................... יונה רובין
ר״ האצע טריינעס ....................... אשר גוזמאַן
פראָקאָפ (אַ פויער) ....................... בן ציון גאָרדאָן
נאַטאַשע (זיין איינינק׳ל) ....................... אַננאַ סוויעט
איצע פאַסטערנאַק ....................... יהודה צוקערמאַן

❖ ❖

פויערים, פויערטעס דאָרפישע קלעזמער
פארטראַטען דורך דעם סאציאַליסטישען געזאַנגס פעראיין

❖ ❖

האַנדלונג קומט פאָר אין אַ דאָרף באַם דניעפער אין רוסלאַנד

❖ ❖

I אַקט 1׳שטער בילד, באַ פראָקאָפ׳ן אין הויז
2׳טער בילד, באַ ישעיה אין קרעטשמע

II אַקט באַ פראָקאָפ׳ן אויפ׳ן הויף

III אַקט באַ פראָקאָפ׳ן אין הויז

IV אַקט באַ ישעיה אין הויז

רעזשיסירט פון בן ציון גאָרדאָן
פערוואלטער, אברהם פאַטט

סצענירט פון יעקב קץ
רעקוויזיטאָר דוד שטיין

אַנאָנס!   אַנאָנס!

# "קירכען גלאָקען"

פון שיפער און ספּיוואַק

רעזשיסירט פון שרה פּאַט

וועט אויפגעפיהרט ווערען פון אידישען סאָציאַליסטישען

געזאַנגס פעראיין און אָרקעסטער

**זונטאָג אָוועגט דעם 14טען נאָוועמבער, 1920**

אין אַריאָן גראַטא טעמפּעל, וואָבאַש און 8טע סטריט

# דאס גרויסע געווינס

## קאמעדיע אין פיער אקטען

פון שלום עליכם

### פיערטע קונסט פאָרשטעלונג

אויפגעפיהרט פון דער

### ליטעראַרישער דראַמאַטישער געזעלשאַפט

זונטאג בייטאג, דעם 5טען דעצעמבער, 1920



## פרינצעס טעאַטער

קלאַרק סטריט און דזשעקסאָן בולוואַרד

שיקאַגאָ איလל.

# נייע וועלט

אין רוסיש
דראמא אין פיער אקטען פון
יונה ספיוואַק

ווערט אויפגעפירט אין דיזען טעאטער
זונטאג בייטאג, 12טען דעצ. 1920
לכבוד דעם 20 יאריגען יובילעאום פון דעם
באוואוסטען רוסישען ארטיסט
אנאטאלי פאקאטילאוו

# קבלת פנים

פאר דעם גרויסען אידישען דראמאטורג און דיכטער

# דוד פינסקי

רעדאקטאר פון "די צייט"

## פרייטאג אוו. 17טען דעצ. 1920

אין

## דאגלאס פארק אוידיטאריאום

אראנזשירט פון די פועלי ציון

אין דער פראגראם באטייליגען זיך

**מאיסעי באגוסלאווסקי**
דער גרויסער פיאנא ווירטואז

**דינא סאקאנאווסקי**
די וואונדערבארע זינגערין

און אנדערע

**דוד פינסקי וועט פארלייענען**

טיקעטס 50 סענט, 75 סענט און 1 דאלאר

ל י י ע נ ט ד י "צ י י ט" י ע ד ע ן ט א ג

זונטאג בייטאג דעם 19טען דעצעמבער, וועלען מיר אויפפירען

## "יעדער מיט זיין גאט"

דראמא אין 4 אקטען

לכבוד דער אנוועזענהייט פון דעם גרויסען גאסט **דוד פינסקי** דער דיכטער זעלבסט וועט ער־שיינען צווישען די אקטען

באזארגט זיך גלייך מיט טיקעטס. צו באקומען אין באקס אפיס פון פרינצעס טעאטער.

א ש

# א גרויסער גאסט אין שיקאגא

# שלום אש

קומט אויף דער איינלאדונג פון דער

## ליטעראריש=דראמאטישער געזעלשאפט

## זונטאג פעברואר 20, 1921

2 אזייגער בייטאג, צו דער אויפפירונג פון זיין קונסטווערק

# דער יחוס

צום ערשטען מאל אין אמעריקא, אין

## פרינצעס טעאטער

קארנער קלארק און דזשעקסאן

שלום אש וועט רעדען צווישען די אקטען

קומט אלע מקבל פנים זיין אונזער גאסט

טיקעטס צו באקומען אין

"פארווערטס," "צייט" און אין ריסמאנ'ס פרינטינג שאפ

SAMUEL RISSMAN 1209 W. 14TH ST.
IDEAL PRINTING CO. PHONE CANAL 4491

א ש

1921, 12טן מערץ — בילדער פון דעם „פועלי־ציון״ ביבלישן בילדער־באַלד.

15 בילדער, אַראַנזשירט דורך שרה פּאַט.




עלפטע קונסט פארשטעלונג פון דער

ליטעראריש־דראמאטישער געזעלשאפט

געגעבען פאר דעם געצייג-קאמפיין פון די

אידישע ארבייטער אין פאלעסטינא

# זונטאג בייטאג, 13טען מארטש

ווערט אויפגעפירט

# „באַרג אַראָפּ״

דראמא אין פיר אַקטען פון פּרץ הירשביין



פּערזאָנען:

שמעון, א שוסטער.......................אשר גוזמאן

דבורה, זיין פרוי.......................מאדאם ראוז

לאה, זייער טאָכטער.......................ליובא אבראמסאן

יונה, לאה׳ס חתן.......................אברהם ראער

משה, אַ טרעגער.......................מארים מייסאן

מרים.......................שרה לעווין

זילבערמאַן.......................משה מעטיום

גרונע.......................שרה פּאַט

נאטאלקע.......................מ. קאמשיטץ

רעזשיסירט פון יעקב כ״ץ פארוואלטער, א. גאט

רעקוויזיטאר, ד. שטיין סופלער, ב. וועבער

# איבּערראַשענדע נייס!!!

צום ערשטען מאל אין שיקאגא וועט זיין א

# חסידים באל

שבת צו נאכט צו מלוה מלכה פרשה תזריע, ר"ח ניסן אפּריל 9

## אין וועסט סייד מאסאניק טעמפּל

(בלע"ז) אוקלי בּיי מעדיסאן סט. וועלכער וועט פאר-וואנדעלט ווערען אין אַ חסידים שטיבּעל. די גרעסטע רבּנים און רבּיצינס פון דער וועלט וועלען דאָרט זיין.

---

קוויטלאך צום רבּי'ן ווערען שוין אַרויסגעגעבען פון די רבּנים און רבּיצינס פון אונזער בּאָל קאָמיטע:

הרב הגאון דוד שטיין. הגאון הצדיק מ'ה ר' יעקב קאַץ

הרב מ'ה ר' אברהם'עלע פּאט

החסיד הנדול ר' יהודה לייבעלע בערנער

אונזער קעלמער מגיד חאַציע טריינעס, מ'ה אשר גוזמאַן

חמתנגד הקטון בן ציון גארדין החסיד ה'ר בערעלע וועבער

הגביר הגדול והנגיד ר' שייליקעל ריסמאַן

חשוחט ומוהל משה מייסאן החזן הקטון משה מעטיום

---

אונזערע הייליגע רעביצינס:

האשה הצדקניות שרה פאט האשה הצנועה ל. שטיינבערג

חצדקניות עטיל חפץ והרביצין בתיה חפץ

החסידה הקטנה ביילע גראבאוו

די איידיעל פּרינטינג קאָ.

# פראגראממע:



1. חסידישע טענץ ביי אלע חסידים און צדקניות.
חסידישע נגונים, פון די מקורבים און גבאים און אידען פון א גאנץ יאהר.

2. 10.15 מלוה מלכה

א) אונזער רבניו, געזונגען פון דעם גאנצען עולם.

ב) דער, רב, קומט אן

ג) נעהמען שלום פון דעם רבי'ן.

ד) הבדלה געפראוועט פון רבי'ן.

ה) המבדיל — געזונגען פון חסידים בלויז.

ו) אליהו הנביא — געזונגען פון חסידים בלויז.

ז) א נייער נגון — הצדיק הגדול מ"ה הר מייערקע אייזענבערג.

ח) אל תרא עבדי יעקב — געזונגען ביי די חסידים בלויז.

ט) במצאי יום מנוחה — געזונגען ביי די חסידים בלויז.

י) יטהר לבנו — געזונגען ביי די חסידים בלויז.

י'א) א נייער נגון — געזונגען פון הגאון החסיד הזראוויטש.

י'ב) חסידישע נגונים — געזונגען פון אלע חסידים.

י'ג) מלוה מלכה סעודה.

י'ד) שריים פון רבי'ן.

י'ה) אלגעמיינע נגונים רקידות פון אלע.

י'ו) רקידות אויף די טישען פון אייניגע חסידים.

י'ג) בענטשען — פון אלע עסערם.

י'כ) פערשיעדענע פריילאכס — געזונגען און געטאנצט פון אלעמען

באמערקונג. צו מענער יונג און אלט. עס איז אויסדריקליך פערבאטען זיין אין היטלען קויפט און טוט אן יארמאלקעס.
קיינע נארישע לצנות און גלאט זיך מאכען משוגע וועט ניט ערלויבט ווערען.
אין צייט פון מלוה מלכה מוזען זיך אלע פערהאלטען רוהיג.

באמערקונג צו פרויען.—קיין פרוי זאל ניט צוגעהן צו א פרעמדען מאן נאהענט בעפאר 12 אוהר. קיינע פערשייטע טענץ וועט ניט ערלויבט ווערען בעפאר 12 אוהר. פערהאלט זיך רוהיג אין דער צייט פון מלוה מלכה.





צום אייביגען
אנדיינקען פון

אונזערע דריי
א'נשטערבל'כע
קלאסיקער

# מענדעלע מוכר ספרים
# יצחק ליבוש פרץ און שלום עליכם

די לעצטע פארשטעלונג פון דעם 1920-21טען סעזאן
פון די ליטעראריש-דראמאטישע געזעל-
שאפט מיט 3 קונסט פארשטעלונגען

"דער פריזיזו"
פון
מענדעלי מוכר ספרים

"א פריה מארגען"
פון
י. ל. פרץ

"מענשען"
פון
שלום עליכם

## זונטאג בייטאג דעם 8טען מאי

אין

# פרינצעס טעאטער

אײדיעל פרינטינג קא. 1209 וו. 14טע סטריט

פ ר א ג ר א ם :

1, רעדע ק. מרמר, וועגן מענדעלע מוכר ספרים

2, דער ערשטער אקט פון

# דער פריזיוו

פון מענדעלע מוכר ספרים

פ ע ר ז א נ ע ן :

שמחה מאראשעם, א בעל טאקסע........ מאטעלע מייזעל
שפרינצע, זיין ווייב ..................מ. קאמשיטץ
רייזעל, זייער טאכטער....................שרה לעווין
אלכסנדר, איהר חתן......................אברהם מעטיום
ר' יוחנצע ..........................ש. ז. שיינבערג
פייוויש, א שדכן ......................ב. צ. גארדין
מענדיל, אַ משרת.......................מארים מייסאן
דוואסיע, אַ דינסט-מויד ...............ליובא אייבראמסאן

רעזשיסירט פון בן ציון גארדין

3, רעדע ז. נאטאנזאן, וועגן י. ל. פרץ

4, א פרי מארגען

אײנאקטער פון י. ל. פרץ

פ ע ר ז א נ ע ן :

מנשה.................................א. גוזמאן
חיים, זיין זון ...........................יצחק גראס
שרה, חיים'ס ווייב ...................לאה שטיינבערג
רבקה, } זייערע טעכטער { .......בליומע גראבאווסקי
לאה, } זייערע טעכטער { .......רחל לייקין

רעזשיסירט פון יעקב כ"ץ

# פראגראם

# „אַ שפּיל אָן אַ נאָמען“

## לויט פרידריך העבעל

באַארבעט און אַף דער בינע געשטעלט
פון יוסף בולאָוו

עס נעמען אנטייל

מאָטל מייזל
מאָרים מייסן
בן ציון גאָרדין
טייבל לעסין
יוסף בולאָוו
הערש שוסטערמאַן
זעליק לעסין
ליובאַ קאַדיסאָן
דוד דייווידסאָן
מאיר אייזענבערג
וואָלף מערקור
בנימן פישביין
אברהם ראער
סאל גענדין
מאָרים פעדער
ל. קיפּניס
יונה גרינבערג

דעקאָראַציעס פון גרעגאָרי ארלאָוו

מוזיק פון אשר מאַנושעוויטש

קליידער — שרה פּאַט

---

„אַ שפּיל אָן אַ נאָמען“ איז אייגענטלאַך דער נאָמען פון דער העכסטער שפּיל—דעם שפּיל פון לעבן.—

די גאַנצע וועלט שפּילט טעאַטער...

מיט דער מאַגישער רעזשי טייטל, רופן מיר ארויס פון הינטער דער גע־היימניספולער קוליסע די אַלע געשטאַלטן פון אונזער טאָג טעגלאַכן לעבנס־געפלעכט—דעם קעניג און דעם היינקער; דעם גנב און דעם ריכטער; דעם שיינקער און דעם דאָקטאָר—און דעם איד אין־דער־מיט.

# PROGRAM

# A Play Without A Name

***By FRIEDRICH HEBBEL***

***Stage Adaptation by JOSEPH BULOFF***

**CHARACTERS IN ORDER OF THEIR APPEARANCE**

MOTEL MEISEL
MORRIS MASON
BEN ZION GORDEN
TEIBL LESSIN
JOSEPH BULOFF
HARRY SHUSTERMAN
CHARLES LESSIN
LUBA KADISON
DAVID DAVIDSON
MEYER EISENBERG
WOLF MERCUR
BENJAMIN FISHBEIN
ABRAHAM RUER
SOL GENDIN
MORRIS FEDER
L. KIPNIS
JONAH GREENBERG

Sceneries designed by GREGORY ORLOFF
Music by OSHER MANUSOWITCH
Costumes by SARA PATT

---

Our current production, "A Play Without a Name" represents the very highest type of play creation—the play of life itself.

The world is a stage indeed!

The director's magic wand draws forth from behind the mysterious curtains of the theatre the manifestations of the intricate pattern that is life—the King and the hangman step out, the thief and the judge, the inn-keeper, the doctor and the Jew in the midst of all.



**שרה פּאַט**

**אין שפּיל „אָן אַ נאָמען"**

„שבתי צבי", משיח־שפּיל אין 2 אַקטן און 4 בילדער, לויט די טעקסטן פון שלום אַש און י. זשולאַווסקי, געשטעלט דורך יוסף בולאָוו. שרה פּאַט האָט גע־שפּילט דעם צווייטן שטן און האָט אויסגעפּאַרטיקט אויך די קאָסטיומירונג.

אונטער שרה פּאַטס רעזשי זענען געשפּילט געוואָרן אין מאָריס ווינטשעווס־קי־אַרבעטער־קלוב „מענטשן", קאָמעדיע פון שלום עליכם.

# SHABSY ZVI

**A Messiah Play in two Acts and in four Scenes.**

CAST:

**PROLOGUE**

**Shadows of Long past Messiahs.**

Middle Shadow......MEYER EISENBERG
1st Shadow......ANNA SWEET
2nd Shadow......SARAH PATT
3rd Shadow......TILLIE LESIN
4th Shadow......LUBA EISENBERG
5th Shadow......MINNIE KAMSHITZ
6th Shadow......SARAH TITELBAUM
Gray Aged Man......SAM RUBINSTEIN
1st Cabbalist......DAVID DAVIDSON
2nd Cabbalist......SOL GENDIN

**First Group of Jews.**

BENJ. GORDON, Leader

1.—B. HUROWITZ,
2.—G. GOLDBERG,
3.—A. RUTHENBERG,
4.—M. FUTORIAN.

**Second Group of Jews.**

M. MEISEL, Leader

1.—M. MANDELBAUME
2.—I. WEINER,
3.—H. BLACK,
4.—H. BLACK.

**Third Group of Jews.**

ABR. ROER, Leader

1.—W. WARONA,
2.—J. AVADENKO,
3.—A. YEDLIN,
4.—MR. LUBANSKY.

**Fourth Group of Jews.**

W. MERCUR, Leader

1.—M. FEDER,
2.—W. CHUBIN,
3.—M. BERN,
4.—D. SELLER.

## ARRIVING GROUPS

**From East.**

1.—TEIBEL LESIN,
2.—MINNIE KAMSHITZ,
3.—DORA SHULNER,
4.—MISS KOHEN.

**From West.**

1.—SARAH TEITELBAUM.
2.—LUBA EISENBERG
3.—ESTHER DAVIDSON,
4.— .'.

SARAH....................Luba Kadison
SHABSY ZVI....................Joseph Bullow
SULTAN....................Morris Mason

**SLAVES.**

1.—A. Abro,
2.—A. Mercur,
3.—M. Mandelbaum,
4.—D. Rosenberg,
5.—A. Yedlin,
6.—M. Bern,
7.—M. Feder,
8.—W. Avadenko,
9.—I. Weiner,
10.—W. Warona.

Messenger....................L. Kipnis
Vizier....................M. Eisenberg
Traitor....................Leon De Medow
Hasan Haga........Harry Morgenstern
1st Executioner....................Zelik Lessin
2nd Executioner....................Mr. Lubanow

Sceneries designed by....................MAXY
Modeled by....................ORLOW
Executed at....................CARSON'S STUDIOS
Customes made by....................SARAH PATT
Music....................W. SCHWAKTZMAN
Orchestra....................MEMBERS OF C. W. S.
Direction....................MISS BLOSSOM KLEIN
Chorus Directed by....................MR. M. SCAFFI
Stage Assistant....................MR. BENJAMIN GORDON
Director of Make-ups and Wiggs......MR. BENJ. FISHBEIN
House Properties....................MR. DAVID STEIN
House Manager....................KENNETH CROFT

**דעם 16טן יאַנואַר 1953, עס איז אויפגעטראָטן דער גאַסט פון אָוונט**
**די דיכטערין** אסתר שומיאַטשער, **די אלמנה פון** פרץ הירשביין. שרה פּאַט **האָט**
**געשפּילט קריינען און האָט אויך קאָסטיומירט די פאָרשטעלונג.**



פרץ הירשביין

### אַיינלאַדונג

דער יידישער קולטור קאָנגרעס פאַרבעט אייך צו דער פאָרשטעלונג פון

**פּרץ הירשביינס**

באַרימטע פאָלקסשפּיל

# א פארוואָרפן ווינקל

וואָס די שיקאַגער דראַמאַטישע געזעלשאַפט וועט אויפפירן

**זונטיק ד׳עם 24טן מאַי, 1953, 8:30 אין אָוונט, אין**
**דאָגלאס פּאַרק טעאַטער, אָגדן און קעדזי.**

די פאָרשטעלונג איז מיט עטלעכע חדשים צוריק אויפגעפירט געוואָרן אונטער דער קינסטלערישער רעזשי פון מאָרים מייסאָן און האָט געהאַט דעם וואַרעמסטן אָפּרוף פון דעם גרויסן עולם און פון דער פּרעסע. אויפן פאַרלאַנג פון שיקאַגער עולם ווערט די פאָרשטעלונג אויפגעפירט ספּעציעל פאַר די אַנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס פון יידישן קולטור קאָנגרעס.

אַלס פריינד פון יידישער קולטור און פון קינסטלערישן יידישן טעאַטער, פאַרבעטן מיר אייך צו דער פאָרשטעלונג. מיר בעטן אייך אויך פאַראינטערעסירן אַלע אייערע פריינד צו זיין אויף דער פאָרשטעלונג.

מיט גרוס:

**יעקב סיגל, פאָרזיצער**

**י. מעלאַמדאָוויטש, עקז. סעקרעטאַר.**

**פּ. ס.** בילעטן זיינען צו זייער צוגענגלעכע פּרייזן, — צו $1.00, $1.50 און $2.00. רעזערוואַציעס דורך די טעלעפאָנען: הומבאָלדט 9154־6 און קעדזי 7173־3.



# „אַ פאַרוואָרפן ווינקל״

פאָלקס-שפּיל אין 4 אַקטן פון פּרץ הירשביין



### פּערזאָנען:

נאָטע — א קברן — — — — — — — — — — — — — — נייטן שליעף
קריינע — זיין ווייב — — — — — — — — — — — — — שרה פּאַט
צירל — זייער טאָכטער — — — — — — — — מייטע פּאַקס האַלצמאַן
טודרות — נאָטעס פאָטער — — — — — — — — — — מרדכי אבעלמאַן
חיים הערש — האָט אין שכנות אַ ווינט מיל — — — מאָרים מייסאָן
קרייסעל — זיין ווייב — — — — — — — — — — — — מלכה לואיס
נח — זייער זון — — — — — — — — — — — — לייבל מעלאַמדאָוויטש
חיה — זייער טעכטערל — — — — — — — — — — — — כייקע פּאַקס
דאָבע — וואָס האָט פאַרלוירן אירע קינדער — — — מאַניאַ גיצים
כאַצקל — — — — — — — — — — — — — — — — — — משה קאהן

רעזשי — מאָרים מייסאָן

דעקאָראַציעס און אויסשטאַטונג — — — דוד בעקער
בינע פאַרוואַלטער — — — — — — — — ל. קיפּניס
בינע טעכניקער — — — — — — — — — — דיק לואיס
ליכט און עלעקטרישע עפעקטן — — — דזש. קאָפמאַן
מוזיק צוגעפּאַסט — — — — — — — — — אַ. מילער
געשעפטס פאַרוואַלטער — — — — — — — — יעקב כ״ץ
פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט — — יעקב דובאָוו

האַנדלונג קומט פאָר אין אַ ישוב אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד.



ערשטער אַקט — אַ פרימאָרגן אויף אַ בית־עולם נעבן נאָטע קברנס שטוב.
צווייטער אַקט — דעם זעלבן פרימאָרגן ביי חיים הערש דעם מילנער אין שטוב.
דריטער אַקט — ביי נאָטע קברן אין שטוב.
פערטער אַקט — ביי חיים הערשן אין שטוב מיט אַ קורצער צייט שפּעטער.



אונדזער גאַסט צום היינטיקן אָוונט — די חשובע דיכטערן
## אסתר שומיאַטשער (הירשביין)
וועט אויפטרעטן צווישן דעם 3טן און 4טן אַקט.

# THE CHICAGO DRAMATISHE GAZELSHAFT

(JEWISH DRAMA SOCIETY)

---

*In Commemoration of the late literary master and playwrite*

**PERETZ HIRSHBEIN**

*Presents*

# "The Far Away Corner"

A PLAY IN FOUR ACTS

*By Peretz Hirshbein*



—CHARACTERS—

NOTE, a grave-digger ............................ NATHAN SHLIEF
TODROS, his father ........................... MORTON ABELMAN
KREINE, his wife ................................. SARAH PATT
TZIRL, his daughter ......................MAITEH FOX HOLTZMAN
CHAIM HERSH, has a flour mill ................. MAURICE MASON
KREISEL, his wife ............................... MALKE LOUIS
NOAH, his son .......................... LAIBEL MELAMDOVICH
CHEIYEH, his daughter ............................ CHAIKE FOX
DOBE, a woman who lost all her children ........... MANIA GHITZES
CHATZKEL, a man about town ..................... MARTIN COHEN



*Direction*—MAURICE MASON
*Music Arrangements*—Arnold Miller
*Scenery*—David Bekker
*Stage Manager*—L. Kipnis
*Business Manager*—Jacob Katz
*Stage Technician*—Dick Lewis
*Electric Engineer*—J. Kauffman



ACT ONE - In a cemetery near the house of Note the gravedigger.
ACT TWO - In the house of Haim Hersh the Miller.
ACT THREE - In Notes' house.
ACT FOUR - Same as Act Two.

# „דער זינגער פון זיין טרויער"

א ליבע־שפּיל אין 3 אקטן

פון אָ ס י ף ד י מ אָ ו ו

אויף דער בינע געשטעלט פון יוסף בולאָוו

### אָ נ ט י י ל נ ע מ ע ר :

שיינע, א דינסט — ליובע קאדיסן
מענדל, א מעקלער — בנימן פישביין
האדיש, א הינער פּארקויפערין — טייבל ליעסין
שייקע, א קוימענקערער — אברהם ראער
בערל, א וואסער טרעגער — מאָרים מייסאָן
יאָשקע, זיין זון — יוסף בולאָוו
מאדאם — שרה פּאַט
רייזעלע, איר טאָכטער — אנע סוויעט
סעמיאָנטשיק, איר זון — לעאָן דעמאַדאָוו
מחותן — דוד דייווידסן
מחותנעסטע — דאָרע שולנער
כלה — פייגעלע קאפּלאַן
קצב — מאיר אייזנבערג
מילכיקערן — קריינע מארגאָליס
דער בעקער — משה פּערער
דער שוסטער — וועלוול ווארָאנע
דער סטאָליאר — שעפּסל וואקס
ערשטע דינסטמיידל — שרה טייטלבוים
צווייטע דינסטמיידל — עסטער דייווידסן
ערשטע חברטע — . : .
צווייטע חבחטע — . : .
שטיוול פּוצער — בערל האָראָוויטש
גאסן הענדלער — ה. טשובין
ערשטער מוזיקאנט — אברהם יעדלין
צווייטער מוזיקאנט — . : .
ערשטער גביר — ישראל ווײַנער
צווייטער גביר — משה פּוטאריאן
דריטער גביר — . : .
דער רבי — משה מאנדעלבוים
דער שמש — ה. לובאנסקי
דער פּאָליציי מייסטער — יונה גרינבערג
דער פּאָליצמאַן — יעקב אָוואדענקא
דער פּויער — משה בערן
די שיקסע — ליובא אייזנבערג
די אידענע מיטן קינד — . : .
שטומער — ס. גענדין

בעטלער — המון

דעקאָראַציעס נאָך די סקיצן פון ט א ד ר ע ס ג ע ל ע ר
מוזיק: פּרויעקט סימפאָני אָרקעסטער — דירעקציע: בלאסאם קליין
געהילפס רעזשיסער: בן ציון גאָרדין

# נאָט פארלאָזט ניט זיינע אידעלאַך

א סצעני־רטער אַנעקדאָט

**פ ע ר ז אָ נ ע ן:**

צירק דירעקטאָר.........................ישראל הימעלשטיין
צירק דינער.........................יעקב ווייסבערג
א איד.........................צבי שוסטערמאָן
א טיגער.........................ער אליין

אנטראקט

צווייטע אבטהיילונג

---

# מאַכן א לעבן

א קאָמעדיע אין 2 אַקטען מיט א פּראָלאָג

**פון אָסיף דימאָוו**

**פ ע ר ז אָ נ ע ן:**

דער פּראָלאָג.........................אברהם ראער
דער וועכטער.........................ישראל הימעלשטיין
די פּרינצעסן.........................שרה לעווין־ריסמאָן
דער העלד.........................מארדים מייסאָן
דער אייז גייסט.........................משה מעטיום
דער וואלד גייסט.........................צבי שוסטערמאָן
דער גיפטמישער.........................אליעזר אפּאטאָווסקי
די באַבע יאַגאַ.........................שרה פאַט
דער טויטן גרעבער.........................שלמה גענדין
דער גוטער גייסט.........................שלמה רובינשטיין
דער גלח.........................יצחק קאָרנפעלד
א יונגער מאַן.........................פייסע בוכשטיין
די לבנה.........................זי אליין

בחורים, מיידלאך, מענער, פרויען, א. א. וו.

---

**רעזשי — אָסיף דימאָוו**

**מוזיק — פּרץ לעמקאָף**

אונזער קינסטלער, ה' אָסיף דימאָוו, פערבלייבט אויך אויף ווייטער מיט אונזער געזעלשאפט

**אין שטודיום—„בראָנקס עקספּרעס"**

פאָלגט נאָך אונזערע אַנאָנסען

ווערט א מיטגליד פון דער ליטעראריש דראמאטישער געזעלשאפט סעקציע פון ארבייטער קולטור ליגע

# "SINGER OF HIS SORROW"

**In Three Acts**

**by**

**OSSIP DYMOV**

**Produced under the direction of Joseph Buloff**

**CAST**

| | |
|---|---|
| Shoene | LUBA KADISON |
| Mendel | BENJ. FISHBEIN |
| Hodesh | TEIBLE LESIN |
| Shaikeh, Chimney-sweeper | ABRAM RUER |
| Berl, water carrier | MORRIS MASON |
| Yoshke, | JOSEPH BULOFF |
| Madame | SARAH PATT |
| Rosele, her daughter | ANNA SWEET |
| Semion, her son | LEON DE MODOFF |
| Machuten | DAVID DAVIDSON |
| His wife | DORA SCHULNER |
| Bride | FEIGEL KAPLAN |
| Butcher | MEYER EISENBERG |
| Dairy woman | K. MARGOLIS |
| Baker | MORRIS FEDER |
| Shoemaker | W. WORONA |
| Carpenter | S. VOX |
| First servant girl | SARAH TEITLEBAUM |
| Second servant girl | ESTHER DAVIDSON |
| First girl friend | |
| Second girl friend | |
| Bootblack | B. HOROWITZ |
| Street peddler | H. CHUBIN |
| First musician | A. YEDLIN |
| Second musician | |
| First wealthy man | I. WEINER |
| Second wealthy man | FUTORIAN |
| Third wealthy man | |
| Rabbi | MORRIS MANDELBAUM |
| Sexton | M. LUBANSKY |
| Chief of Police | JONAH GREENBERG |
| Assistant Chief of Police | JACOB OVODENKO |
| Peasant | M. BERN |
| Peasant Girl | LUBA EISENBERG |
| A Woman (with Child in her arms) | |
| Deaf man | SOL GENDIN |

Beggars—mob.

Sceneries designed by Todros Geller
Music by members of Chicago Women's Symphony Orchestra
Direction of Music, Blossom Klein
Assisting in production, Benj. Gorden

1957, דעם 9טן מערץ האָט די שיקאַגער אָפּטײלונג פון יידישן קולטור־קאָנגרעס פאַראַנשטאַלטעט אַ פאָלקס־פייערונג צום 40סטן יאָרצייט פון שלום־עליכמען. די שיקאַגער ליטעראַריש־דראַמאַטישע געזעלשאַפט האָט אויפגעפירט אין טעאַטער פון „בנין פאַר יידישער דערציאונג", אונטער דער רעזשי פון מאָריס מייסאַן דעם ערשטע אַקט פון שלום־עליכמס „דאָס גרויסע געווינס". שרה פּאָט. האָט זיך באַטייליקט אין דעם אַרטיסטן־אַנסאַמבל.

1957. אין דער שיקאַגער אויסשטעלונג פון די שיקאַגער אַרטיסטן, האָט שרה פּאָט אויסגעשטעלט אירע צוויי סקולפּטורן: "די באַשטימונג" און די סקולפּטור פון יידישן שרייבער פּרץ הירשביין.

אין יאָר 1958 האָט דער שיקאַגער אַרטיסטן־פאַרבאַנד צוזאַמען מיט די שיקאַגער קונסט־אָרגאַניזאַציעס און אין מיטאַרבעט מיטן מער פון דער שטאָט שיקאַגאָ פאַראַנשטאַלטעט אַ קונסט־אויסשטעלונג, אין וועלכער שרה פּאָט האָט זיך באַטייליקט מיט אירס אַ סקולפּטור.

AN EVENING OF DRAMATIC ART
MUSIC AND DANCE
4825 N. Kedzie Ave.
Admission 25 cents



HIRSCH LECKERT WORKERS CLUB
*HONORS*
SARAH POTT
*Instructor of the Dramatic Group*



SATURDAY APRIL 20th, 8 P. M.
*Two Dramatic Hits*
די כאַפּערס און פון דעם פייער

UNION LABEL APPLIED FOR — THE JAY PRESS

1958, 21סטן יאַנואַר, האָט די ליטעראַריש־דראַמאַטישע געזעלשאַפט צוזאַמען מיט דער אַרבעטער קולטור־ליגע איינגעאָרדנט אין דעם היברו־אינסטיטוט אַ קבלת־פּנים מיט אַ קאָנצערט פאַר אָסיפּ דימאָוו, אויף וועלכן ער איז אַרויסגעטראָטן פאַרן עולם.

1958, דעם 7טן אַפּריל, איז געשטעלט געוואָרן אין דעם היברו־אינסטיטוט די דראַמע אין 3 אַקטן „תקיעת כף" פון פּרץ הירשביין.

# פראָגראַם

## זונטיק, דעם 28־טן מערץ—מאַטינע און אָוונט

## מאַסאָניק טעמפּעל

## יעקב בן־עמי אין

## „יעגאָר בוליטשעוו“

דראמע אין 3 אקטן פון מאַקסים גאָרקי
אידיש פון ל. פיינבערג
אויפגעפירט פון יעקב בן־עמי

**פּערזאָנען:**

יעגאָר בוליטשעוו, א רייכער סוחר ........ יעקב בן־עמי
קסעניע, זיין ווייב ........ רחל הוראוויץ
ווארוואראַ, זייער טאָכטער ........ פרידא יאָנג
אַנדרעי זוואָנצאָוו, איר מאן ........ סאָל. באדין
סטעפאן טיאטין ........ משה מאַנדעלבוים
שורא, בוליטשעוו'ס אונגעזעצלאכע טאָכטער ........ סארא ריסמאַן
מעלאניא, קסעניא'ס שוועסטער, הויפּט מאָנאשקע ........ דאָרא וויינער
מאַקעי באקשין ........ שלמה רובינשטיין
וואסילי דאָסטיגאיעוו, א סוחר ........ ל. באקאל
עליזאבעטאַ, זיין ווייב ........ שוירלי ריטשמאַן
אנטאָנינא } זייערע קינדער ........ ראוז ארנאוו
אַלעקסעי } ........ ג. טשעין
פּאָטער פּאוולין ........ סעמועל טאַן
א דאקטאר ........ ל. אפּאטאָווסקי
דער טרובאטש ........ ס. זיטש
זאבונאָווא ........ שרה פּאט
דער הייליקער פּראָקאָפּ ........ מאָרים מייסאן
גלאפירא, א דינסט ביי די בוליטשעווס ........ מאַניא גיציס
טאיסיא, א מאָנאשקע ........ באסיע סלאָבאָדקין
מאקראוסאוו, א פּאליציימאַן ........ דזשוליוס יאָנג
יאקאָוו לאפּטיעוו ........ לואיס פּאטקין
דאָנאַט, א וואלד־אויפזעער ........ ל. לובאנסקי

האנדלונג קומט פאָר אין א פּראָווינציעלער שטאָט אין רוסלאנד אין יאר 1917
1טער אקט—בוליטשעוו'ס זאל    2טער אקט—בוליטשעוו'ס עס־צימער
דריטער אקט—צוריק אין עס־צימער
דעקאָראציעס—וואלטער טארענטאָן    בינע פּארוואלטער—א. אלעקסאנדער
געהילף בינע פּארוואלטער—ב. ראזנבוים
קאָסטיומען—שרה פּאט    רעקוויזיט—דוד שטיין



## YEGOR BULITCHEV

Drama in three acts by
**Maxim Gorki** **Translated by L. Feinberg**
**Production directed by Jacob Ben-Ami**

THE PLAYERS:

Yegor Bulitchev, a rich merchant ........ Jacob Ben-Ami
Xenia, his wife ........ Rochel Hurowitz
Varvara, their daughter ........ Frieda Young
Andrei Zvontzov, her husband ........ Sol. Bodin
Stepan Tiatin ........ M. Mandelbaum
Shura, Bulitchev's illegitimate daughter ........ Sara Rissman
Melania, Xenia's sister, a mother superior ........ Bertha Weiner
Mokai Bakshin ........ S. Rubenstein
Vasili Dostigayev, a merchant ........ L. Bacall
Elizaveta, his wife ........ Shirley Richman
Antonina } their children ........ George Chain
Alexei } ........ Rose Arnoff
Father Pavlin ........ Samuel Tan
A Doctor ........ L. Opotoski
Trombone Player ........ S. Zitch
Zabunova ........ Sara Pott
The Holy Prokopy ........ Morris Mason
Glaphira a maid at Bulichev's ........ Mania Gitzis
Thaisia, a novice ........ Edith Slobodkin
Mokorusoff, a police officer ........ Julius Young
Yakov Laptieff, Bulitchev's god-son ........ L. Potkin
Donat, a forester ........ L. Lubansky

**Action takes place in a provincial city in Central Russia during the year 1917**
Act one: Bulitchev's dining room    Act two: Bulitchev's living room
Act three: same as act one.
Settings by Walter Thornton    Stage Manager—A. Alexander
Assistant Stage Manager—B. Rosenbaume
Costumes—Sarah Patt    Properties—D. Stein

# ב ר ו ר י ה

## סצענע פון דוד פינסקי

רבי מאיר — — — — — — — — — — — — מארים מייסאן
ברוריה, זיין ווייב — — — — — — — — — — ליובא קאדיסאן
שמעון, זיין תלמיד — — — — — — — — — — יוסף בולאוו

# מ כ ש פ ה

## סצענע פון אנטאן טשעכאוו

סאוועלי, א גלח — — — — — — — — — — — יוסף בולאוו
ראיסא, זיין ווייב — — — — — — — — — — ליובא קאדיסאן
פאסט פירער — — — — — — — — — — — — — סאל באדין

# פישקע דער קרומער

## לויט מענדעלע מוכר ספרים

אינסצענירט אין צוויי טיילן פון י. פישבערג

דערציילער — — — — — — — — — — — — מארים מייסאן
רב — — — — — — — — — — — — — משה מאנדעלבוים
מענדעלע — — — — — — — — — — — — שלמה רובינשטיין
אלטער־יאקנעהוז — — — — — — — — — — משה וויינשטיין
בדכן — — — — — — — — — — — — — בנימין פישביין
ר׳ מרדכי — — — — — — — — — — — — — — — קיר
ר׳ זרח — — — — — — — — — — — — — — בנימין סמיט
ביילע די טיקערן — — — — — — — — — — רחל הורוויץ
גיטל — — — — — — — — — — — — — — — — שרה פאט
הינדל — — — — — — — — — — — — — שוירלי ריטשמאן
פעשע — — — — — — — — — — — — — — — אידא גארבער
חיה — — — — — — — — — — — — — — בערטא וואלפזאן
באסעלע די בלינדע — — — — — — — — — ליובא קאדיסאן
פישקע דער קרומער — — — — — — — — — — יוסף בולאוו
פייוויש — — — — — — — — — — — — — — — סאל באדין
ביילע די הארבאטע — — — — — — — — — — אנא סוויעט
פאנפאטש — — — — — — — — — — — — שמעון ראבינאוויץ
1־טע בעטלערקע — — — — — — — — — — שרה טייטלבוים
2־טע בעטלערקע — — — — — — — — — — — חיה אייזנבערג
1־טער בעטלער — — — — — — — — — — ליזער בארענשטיין
2־טער בעטלער — — — — — — — — — — — — ל. קיפנים
3־טער בעטלער — — — — — — — — — — — ליבוש סינגער
פאליצמאן — — — — — — — — — — — — — בנימין פישביין

**
*

רעזשי: יוסף בולאוו — מוזיק: יעקב פיכער
— דעקאראציעס: קליוו ריקאבאו —
געהילפס רעזשיסאר ק. וואלגאמוט — בינע פארוואלטער ל. קיפנים
בינע טעכניקער: וואלטער טארענטאן — רעקוויזיט דוד שטיין
קאסטיומען: מעקס בערמאן

# ארקעסטרא האַל, דעטראיט, מיש.

## זונטאג דעם 8טען אפריל

אסיפ דימאוז'ס

# „דער געדונגענער חתן"

## אדער „דער שטאָדט משוגענער"

טראגי-קאמעדי אין 3 אקטען מיט א פראלאג.

אויפגעפירט פון דער

## שיקאגא ליטעראריש-דראמאטישער געזעלשאפט

רעזשי

## אסיפ דימאוז,

פערזאנען:

מאדאם לוריע ............ מינא קאמשיץ
סעמיאן, איהר זוהן. ............ משה מעטיום
אָליא, איהר טאכטער ............ אנא סוויעט
שיינע, איהר דינסט ............ שרה לעווין-ריסמאן
הדס, א היגער סוחר'טע ............ שרה פאַט
גאָדינסקי, א מעקלער ............ בן ציון גארדין
שייקע; א קוימענקערער ............ אברהם ראָער
בעריל, א וואסער-פירער ............ מארים מייסאן
יאשקע, זיין זוהן ............ אברהם מעטיום
א איד ............ יעקב ווייסבערג

אין פראלאג

דער פאטער ............ נ. נ.
דאס קינד ............ אנא סוויעט
יאשקע ............ אברהם מעטיום

האנדלונג קומט פאר אין א קליין שטעדטיל
אין רוסלאנד.



**שוישפּילער־גרופּע**

פון לינקס צו רעכטס ערשטע ריי: שרה פּאַט, מאָריס מייסאָן, ליובא קאַדיסאָן מוזיקער בען פּאָלאַק, רעזשיסער יוסף בולאָוו, בן־ציון גאָרדין, דער יונגער מאָלער מ. ציפּאַרין אַנאַ סוויעט, שלמה רובינשטיין.

צווייטע ריי פון לינקס צו רעכטס: אַבראַשאַ לוה, דוד דייווידסאָן, סאָל באַדין מאיר אייזענבערג, משה מאַנדעלבוים אברהם ראָער, בנימין פישביין, טייבל, לעסין, מאָטל מייזעל.

דריטע ריי פון רעכטס צו לינקס: מ. ראָכלין, אַליאַ לעהן, דזש. אַוואַדענקאָ, וו. וואָראָנאַ, מ. שפּאַנקא, פּ. וואָלפזאָן, פיליפּ שטיינפעלד, סאַלאָמאָן לובאַנסקי.

לעצטע רייע שטייענדיק פון לינקס צו רעכטס: ל. קיפּניס, דוד שטיין, טאַנץ־לערער ה. וויזאַנסקי, יעקב כ"ץ, אייב ארעשקעס, פיליפּ בוכשטיין, הירש רעזניק.



חיים אָרעשקעס

פּאָרזיצער פון „איקוף" אין שיקאַגאָ



בן־ציון גאָרדין



יוסף טשערניאַווסקי



רעזשיסער אברהם טייטלבוים



**שוישפילער־גרופע**

פון רעכטס אָן:

ערשטע ריי: לעאָן דעמאַדאָוו, דייווידסאָן, יוסף בולאָוו, ליובאַ קאַדיסאָן, בן־ציון גאָרדין, מאָריס מייסאָן.

צווייטע ריי: אַנאַ סוועט, ברהם רולער, שרה פּאַט, מאָטל מייזיל, ליעסין.

דריטע ריי: רובינשטיין, אייזענבערג, אסתר, דאַוויסאָן, מאַנדעלבוים, לויבא אייזענבערג, פּעדער, וואָלף מערקיור.

פערטע ריי: סטיין, אַלעקסאַנדער מאַנושעוויטש, דאָראַ שולנער, ליעסין, שרה טייטלבוים, וויזאַנסקי, גוזמאַן און אַנדערע.

**JOSEPH KESSLER'S**

# HAYMARKET THEATRE

## פראָגראַם

דער פערבאַנד פון ליטעראַריש-דראַמאַטישע פעראיינען
פון די פעראייניגטע שטאאטען און קאנאדא

פרעזענטירט

### ה׳ יעקב בן-עמי

מיט דער אנטהייל פון דער

### שיקאָגאר ליטעראריש-דראַמאַט. געזעלשאַפט

אין 2 ליטעראריש-קינסטלערישע פארשטעלונגען

ס׳ווערט אויפגעפיהרט צום ערשטען מאָהל אין שיקאגא

# דער געדונגענער חתן

### (דער זינגער פון זיין פיין)

טראגי-קאָמעדיע אין 3 אַקטען מיט א פּראלאג און עפילאג
פון אָסיפ דימאָוו.

פערזאָנען:

**אין פּראָלאָג —**

דער פּאָטער . . . . . . . . . . ה׳ יונה רוּבין
דאָם מיידעלע . . . . . . . . . פר׳ ראזא ליניקין
דער משוגענער יאשקע . . . . . . **ה. יעקב בן-עמי**

**אין די ווייטערדיגע אַקטען —**

מאדאם לוריע . . . . . . . . . מאדאם לאה שטיינבערג
סעמיאן, איהר זוהן . . . . . . . . ה׳ משה מאַטטיום
אליא, איהר טעכטעריל . . . . . . . פר׳ ראזא ליניקין
שיינע, איהר דיענסט . . . . . . . . פר׳ שרה לעווין
הדס, א מארק אידענע , . . . . . . מאדאם שרה פאטט
גודינסקי, א מעקלער . . . . . . . . ה׳ יוסף מענדעלסאן
שייקע, א קוימענקערער . . . . . . . ה׳ אברהם ראער
בעריל, א וואסערפיהרער . . . . . . . ה. משה מייסאן
יאשקע, זיין זוהן . . . . . . . **ה׳ יעקב בן-עמי**

די האַנדלונג שפּיעלט זיך אָב אין א קליינע שטאָדט אין ליטא.

379

# ליטעראַרישער דראַמאַטיש.

# אבענד

אין היברו אינסטיטוט

**דעם 25טען מאַרטש, אום 8 אוהר**

אַראַנזשירט פון דער

## ליטעראַריש. דראַמ. געזעלשאַפט

## פּראָגראַם:

1. ערעפענונגס רעדע.................דר. מאַרקוס
2. האַרף סאָלאָ..................מיס עדנאַ באַלאַרד
3. פאָרלעזונג..............................ראָער
4. א) עס וואַר איין אַלטער קעניג....היינע—רובענשטיין
   ב) המבדיל......................יפה—גאָלוב

סאָלאָמאָן גאָלוב טענאָר

5. בעגריסונג......................אידישער פּרעס-קלוב
6. פאָרלעזונג..................................מ נ ח ם

---

אינטערמישאָן

---

7. האַרף סאָלאָ..................מיס עדנאַ באַלאַרד
8. דעקלאַמאַציע (וואַגעל ליעדער)............ש. פּאַט
9. א) ווענעציאַנער גאָנדעל ליעד..........מענדעלסאָן
   ב) איך האָב אין טרוים געוויינט.........היינע-שומאַן
   ג) צוויי טראַיקעס,..................פּרוג-רוסאָטאַ

סאָלאָמאָן גאָלוב

10. פאָרלעזונג.................................מ נ ח ם

The Art Press, Inc. 336 1334 West 12th Street

מיינע דערפֿאָלגן אויף דער בינע און אין דער סקולפּטור־אַרבעט האָבן מיך ניט אָפּגעהאַלטן פֿון צו ווידמען אַ קאָנטיקן טייל פֿון מיין פֿרייער צייט פֿאַר אַנדערע צווייגן פֿון קולטור־אַרבעט. דער שטאַרק אַנטוויקלטער געזעלשאַפֿט־לעכער חוש האָט מיך ניט געלאָזן איינצושליסן זיך אין טעאַטער אָדער אין מיין סטודיע, בעת דרויסן, אויף דער יידישער גאַס, אין דער יידישער וועלט און אין דער וועלט־געזעלשאַפֿטלעכקייט בכלל זענען אויפֿגעקומען אַקטועלע פֿאָדערונגען און נויטן, וואָס האָבן געוועקט און גערופֿן.

פֿון באַזונדער וויכטיקייט זענען געווען יענע אומפֿאַרגעסלעכע מאָמענטן, ווען די קולטור־אַרבעט, צו וועלכער איך האָב בייגעטראָגן מיין באַשיידענעם טייל, איז אַרויס ווייט איבער די גרעניצן פֿון אונדזער פֿאָלק און האָט זיך דערהויבן צו אַן אומגעוויינלעכער אינטערנאַציאָנאַלער הויך, ווי דאָס איז געשען בשעת דעם „פּאַגזשענט" פֿון יאָר 1918 אין מילוואָקי, אין וועלכן עס האָבן זיך וואַרעם און האַרמאָניש איינגעשלאָסן אונטער דער אייגענער נאַציאָנאַלער פֿאָן די בעסטע פּראָגרעסיווע טיילן פֿון דער יידישער געזעל־שאַפֿט און ווו די יונגע און אַקטיווע פֿאָלקסטוערין און לערערין גאָלדע מאיר־סאָן, די שפּעטער באַרימט געוואָרענע כלל־טוערין, אַמבאַסאַדאָר פֿון ישראל אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און דער היינטיקער פּרעמיער־מיניסטער פֿון ישראל, גאָלדע מאיר, איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ פֿייערלעכער און וואַרעמער רעדע.

מיט אַ באַזונדער ליבע און אינטערעס האָב איך מיך אין יעדער צייט אָפּ־גערופֿן אויף אַ קינסטלערישער דערשיינונג, וועלכע איז געווען פֿאַרבונדן מיט אַ גייסטיקן און מאַטעריעלן ביישטייער פֿאַר יידישער קונסט אין ארץ־ישראל. איך בין געווען אַ טרייער און אַקטיווער מיטגליד פֿון דער געזעלשאַפֿט „פֿריינד פֿון „בצלאל", פֿון דער ערשטער פּיאָנערישער קונסטשולע פֿון פּראָפֿ. באָריס שאַץ אין ירושלים. ביי אַ גוטער געלעגנהייט, ווען די גייסטיקע יורשים און פֿאָרזעצער פֿון דער „בצלאל" קונסט־אַרבעט האָבן באַזוכט שיקאַגאָ, האָב איך אַקטיוו מיטגעאַרבעט אויף דעם פֿייערלעכן געדענק־אָוונט פֿאַר פּראָפֿ' שאַץ מיט זיין רייכן פּראָגראַם פֿון אָפּשאַצונגען, דעקלאַמאַציע און געזאַנג, אין וועלכן איך האָב מיך באַטייליקט מיט מיין וואָרט „ביישטייער פֿאַר יידישער קונסט".

אין זיין פריינדלעכן בריוו צו מיר פון 8טן אָקטאָבער 1930 דריקט אויס דער קינסטלער שאול ראַסקין זיין גרויסן פאַרגעניגן דערפאַר, וואָס איך האָב אים איינגעלאַדן צו קומען צו מיר מיט זיינע בילדער פאַר אַ וואָך־אויסשטעלונג. ער דריקט דערביי אויס זיין פאַרדרוס, וואָס איך בין נישט אין גאַנצן געזונט און מאַכט דערביי זיין קאָמפּלימענט: „די נשמה אָבער אין אייך איז פון אַזאַ מאַטעריאַל, אַז לאַנג קאָן דער גוף ניט קראַנק בלייבן". ער בעט דערביי אָפּלייגן די אויסשטעלונג פון זיינע בילדער ביז מיטן דעצעמבער, דען ער האָט אין צווישן געקראָגן אַרבעט אַלס לערער אין אַ ניו־יאָרקער קונסטשול.

באַזונדער אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש אין שאול ראַסקינס בריוו איז וואָס ער מאַכט אַ טיפן אונטערשייד צווישן דער אַטמאָספער אין די יידישע קינסטלער־קרייזן אין ניו־יאָרק און צווישן די אין שיקאַגאָ.

„גריסט און דאַנקט פון מיר — שרייבט ער צום סוף פון זיין בריוו — אייערע חברות פון קונסט־קלוב. מערקווירדיק איז די לעבנס־קראַפט פון אייער אָרגאַניזאַציע (די כוונה איז צום יידישן פרויען־קונסט־קלוב — ש. א.). באַשערט שיקאַגאָ זאָל זיין געבענטשט מיט אַזאַ גרופּע. מיר האָבן דאָ אין ניו־יאָרק, ווי עס שיינט, ניט פאַרדינט אַזאַ זאַך. אמת, מיר האָבן דאָ אַ „דזשואיש קלוב", וואָס אַראַנזשירט אויסשטעלונגען, — אָבער ס'איז נישט דאָס... ביי זיי איז דאָס אַ פונקציע, אַ מעכאַנישע טעטיקייט... אַזוי שטייט אין פּראָגראַם... און דער קינסטלער און דער קלוב האָבן ווייניק נחת פון די אויסשטעלונגען... גאָר ניט".

איך בין געווען אַ פיליאָריקער מיטגליד פון דער קונסט־שול ביים שי־קאַגער אינסטיטוט פאַר קונסט.

איך בין געווען איינגעלאַדן צו האַלטן אַ רעדע וועגן דעם פרייהייטס־קאַמף אין שפּאַניע אין דעם בעקער־אוניאָן, און מיין אַפּיל האָט געהאַט דעם גוטן דערפאָלג: 600 בעקער האָבן געשפּענדעט 600 דאָלאַר.

אין יאָר 1934 בין איך געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון „איקאָר", וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע צו שטיצן די פּיאָנערן־קאָלאָניזאַציע פון יידן אין בירָאבידזשאַן.

בשעת דער „יידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד" איז צוגעטראָטן גרינדן פּראָגרעסיווע יידישע שולן, איך קעגנזאַץ צו די שולן פון „אַרבעטער־רינג", האָב איך נאָך מעגלעכקייט מיטגעאַרבעט מיטן ספּעציעלן קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון מיין מאַן אברהם, אַלעקסאַנדער מאַנאַסעוויטש, חוה ציפּארין, יצחק אלחנן ראַנטש און אַנדערע.

איך בין געווען אַ פּיליאַריקער מיטגליד אין ספּאָנזאָר פון שיקאַגער יידישן דראַמאַטישן טעאַטער.

ניט איין מאָל איז אַ טייל פון די הכנסות פון די פאָרשטעלונגען, אין וועלכע איך האָב מיך באַטייליקט געווען געווידמעט סאָציאַלע צוועקן, ווי די פּראָגרעסיווע שולן, קינדער־קאָלאָניעס, פאַרן אַרבעטער־פאָנד אין ארץ־ישראל און אַנדערע קולטור־צוועקן.

איך האָב מיך אָבער אויך דירעקט באַטייליקט אין די לייען־קרייזן פון „איקוף".

מיך האָט שטאַרק געמוטיקט אין מיין אָנגעשטרענגטער אַרבעט די וואַרעמע פריינדשאַפט און אָפּשאַצונג, וועלכע ער האָט צו מיר אַרויסגעוויזן זישע ווינפער בשעת זיינע באַזוכן אין שיקאַגאָ און די קאָרעספּאָנדענץ, וואָס ער האָט מיט מיר געפירט פון לאָס־אַנזשעלעס.

דעם 5טן יולי 1955 האָט ער, קלויבנדיק זיך אויף זיין רייזע קיין מעקסיקע, מיר געשריבן זיין חברישן בריוו, ווו ער דריקט אויס זיין האָפענונג צו טרעפן מיך געזונט און שעפעריש אויף אַלע מיינע געביטן.

אַ העכסט פריינדלעכן און אומפאַרגעסלעכן בריוו האָט איין מאָל מיר און אברהמען געשריבן דער באַקאַנטער יידישער דיכטער ז. עסעלין, וועלכער האָט אויפריכטיק און מיט אַ נשמה־ציטער אָפּגעמערקט, אַז דער דערפאָלג פון זיין ליטעראַרישן אָוונט אין נאָמען פון דעם פרץ־קלוב אין מילוואָקי הענגט טייל־ווייז אָפּ פון מיין קומען צוזאַמען מיט מייסאָנען.

„געוויס וואָלט איך בעסער געוואָלט — שרייבט עסעלין — זאָלסט עפּעס מיינס רעציטירן, נאָר אפשר געפעלן דיר נישט מיינע זאַכן, מאַך איך שלום מיט דעם, וואָס דו וועסט פאָרלייענען עפּעס אַנדערש, אָבי קום, זיי אויף דער בינע"... דו מוזט אומבאַדינגט זיין אין מילוואָקי. מ'דערוואַרט אַן אויסערגעוויינלעכן עולם אין איינעם פון די גרעסערע זאַלן פון שטאָט. דאָס גאַנצע שטעטל, אָן גוזמא, וואַרט אויף דיר און מייסאָנען".

מיין טעאַטער־שפּיל האָט ביי אַלע זיינע דערפאָלגן און דערגרייכונגען, מיך ניט גאַנץ באַפרידיקט. דאָס איז, נאָך אַלעמען, געווען אַ פאָרעם פון אַבסטראַקטער קונסט, אַ פאַרטיפונג אין פאָלקס־שטייגער און מאַסן־פּסיכאָלאָגיע. איך האָב אָבער, שוין זינט מיינע ערשטע טריט אויפן קינסטלערישן וועג, מיך געצויגן צו פּלאַסטישער קונסט, צו בולטע, קאָנקרעטע קונסט־פאָרמען, און דאָס איז אייגנט־לעך געווען די סיבה, וואָס איך האָב אָנגעהויבן מיין קונסט־אַרבעט מיט דער קאָסטיומירונג נאָך איידער איך בין אַרויסגעטראָטן אויף דער בינע.

דעריבער איז דער נאַטירלעכער ווייטערדיקער שטאַפּל פון מיין אַרבעט געווען די מאָלעריי און נאָך מער פון דעם די סקולפּטור־אַרבעט.

אויך דאָ, ווי אין דער קאָסטיומירונג און אין דעם טעאַטער־שפּיל, בין איך געבליבן אין גרונט געטריי דעם אידעישן ציל — אַרויסצוברענגען און פאַר־קערפּערן אין פאַרב, גיפּס, שטיין און מעטאַל היסטאָרישע בילדער און געשטאַלטן פון יידישע און אַמעריקאַנישע שאַפער, געבן זיי אַ קאָנקרעטן מאָנומענטאַלן און דאָס מאָל דויערנדיקן אויסדרוק.

איך באַוואונדער איצט אַליין, ווען איך באַטראַכט די פאַרגאַנגענע יאָרן פון מיין סקולפּטור־אַרבעט, ווי עס האָט אין מיר אומאויפהערלעך געשלאָגן אַ דראַנג אַרויסצוברענגען אין שטיין, אין אייזן, אין גיפּס און ליים געשטאַלטן פון מענער און פרויען, יידישע און ניט־יידישע, וועלכע זיינען מיר געווען נאָענט צום האַרצן אָדער האָבן מיר אויף אַ באַזונדער אופן אימפּאָנירט.

עס האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ ניט געוויינלעכע קראַפט איבערצוווינדן די פיזישע אָנשטרענגונג, וואָס איז געווען נייטיק צו מייסטערן פון די האַרטע רוישטאָפן קינסטלעריש געפאָרעמטע געשטאַלטן, וואָס האָבן אָנגעפילט מיין סטודיע און צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון קונסט־קריטיקער און ליב־האָבער.

צו מיין מאָלעריי־אַרבעט בין איך צוגעטראָטן אינסטרואירט דורך דזשאָן ד. באַרגין, לויט דער רעקאָמענדאַציע פון איגאָר וויינער פון שיקאַגער קונסט־אינ־סטיטוט. אין אַרבעט אין בליי און אין סקולפּטור־מעטאַל האָב איך מיך איינגע־איבט מיט מעלווין בוש און אין שטיין — מיט מאַריאַן פּערקינס — דאָס זענען אַלץ געווען באַרימטע קינסטלער און סקולפּטאָרן אין לאַנד.

נאָך יאָרן פון שטודירן און פאַכמענישער אויסבילדונג האָב איך מיך שטאַרק קאָנצענטרירט אויף סקולפּטור־אַרבעט פון כלערליי שאַטירונגען און האָב מיך באַוועלטיקט איבער די פאַרשידענע רווישטאַפן. מיינע אַרבעטן זענען מיט דערפאָלג אויסגעשטעלט געוואָרן פעריאָדיש אויף די אַלגעמיין־אַמעריקאַנער גרויסע סעזאָן־אויסשטעלונגען און ירידן פאַר קונסט און האַנטווערק אין טשעס־טערטאָן ווי אויך אויף ספּעציעלע יידישע אויסשטעלונגען, ווו מיין אַרבעט איז שטענדיק פּרעמירט געוואָרן מיט די העכסטע פּרייזן.

איך האָב געפונען שוין אין אָנהייב פון מיין נייער קונסט אַ גוטן אינהאַלט אין דעם מיט מיין אַקטיווער באַטייליקונג געגרינדעטן „יידישן פּרויען־קונסט־קלוב", ווו איך האָב געוווּנען דעם פּרייז פאַר מיין סקולפּטור־אַרבעט „פליכט־לינגע". איך האָב אויך מיט דערפאָלג זיך באַטייליקט מיט מיינע סקולפּטור אַרבעטן אין יאָר 1931 אין דער אויסשטעלונג פון די שיקאַגער אַרטיסטן, 22־24סטן אָקטאָבער 1933, וואָס איז פאַראַנשטאַלטעט געוואָרן דורכן שיקאַגער ברענטש פון „הדסה" לכבוד דער 19טער יאָר־קאָנפערענץ פון „הדסה".

איך בין אָבער שנעל אַרויס מיט מיין אַרבעט ווייט איבער די גרענעצן פון די ספּעציעל־יידישע קונסט־פאַראַנשטאַלטונגען און בין אַרויס אויף דער ברייטער אַרענע פון דער אַמעריקאַנער קונסט־וועלט. איך האָב כסדר שטודירט, זיך פאַרפולקאָמט אין מיין שאַפן, געלערנט פון אַלץ, וואָס איז אויפגעקומען אין דער אַלגעמיינער און יידישער קולטור־וועלט.

אונטערפירנדיק דעם סך־הכל פון מיינע סקולפּטור־שאַפונגען, קען איך אויפציילן 65 אויסגעפאַרטיקטע קונסט־סקולפּטורן אין גיפּס, בראָנז, גראַניט־שטיין, מאַרמאָר, ליימשטיין און סקולפּטור־מעטאַל, וועלכע געפינען זיך אין באַזיץ פון די פיינסטע קונסט־ליבהאָבער און באַצירן זייערע סאַלאָנען, ניט רעכענענדיק די סאַלאָנען פון מיינע פאַמיליע־מיטגלידער און נאָענטע קרובים.

מיט גרויס דערפאָלג איז דורכגעגאַנגען מיין סקולפּטור־אויסשטעלונג אין דער אַלבאַני פּאַרק־־ביבליאָטעק. די פּרעסע האָט כאַראַקטעריזירט די אַרבעט אַלס אַן אויסערגעוויינלעך ערנסטע און די אויסשטעלונג אַלס אַ באַדייטנדיק קולטור־געשעעניש.

אין איר זונטיק־ביילאַגע פון 3טן נאָוועמבער 1963 האָט געשריבן אין דער „פּאַנאָראַמע" אוליווער סטאַרר:

„קונסט ענדיקט זיך קיין מאָל ניט — זאָגט שרה פּאָט — ווי נאָר איך האָב געהאָט פאַרענדיקט איין סקולפּטור, וויל איך גלייך גיין צו דער נאָענטסטער". צוקוקנדיק זיך צו דער היימישער קונסט־סטודיע פון דער סקולפּטאָרין אין שכנות

פון דעם וואווערלי־שטראַנד, קען מען פאַרשטיין וואָס זי מיינט מיט אירע ווערטער. יעדער פּלאַץ איז פאַרנומען מיט פּרעכטיקע סקולפּטור־ווערק, פאַמי־ליאַרע געשטאַלטן באַפּוצן די ווענט — קאַרל זאַנדבורג, מאַרק טווען, וואַלט וויטמאַן און סקיצן פון באַרימטע פיגורן פון דער וועלט פון קונסט, קולטור און מלוכה־מאַכט. איין צימער זעט אויס ווי עס וואָלט זיך געפינען אין ישראל. אַ ביוסט פון דוד בן־גוריון הייבט זיך אַרויס איבער די געשטאַלטן פון בירגער פון יענעם לאַנד.

אַרבעטנדיק אַליין שוין אין משך פון 12 יאָר נאָכן טויט פון איר מאַן אברהם, גיט פרוי שרה פּאַט אַרויס מיט יעדן יאָר אַלץ בעסערע, פולשטענדיקערע ווערק, באַקומט אַלץ מער פּרייזן און געניסט פון אַלץ מער אָנערקענונג פאַר איר אויסגעצייכנטער אַרבעט.

דאָס לעצטע יאָר האָט איר סקולפּטור „מוטער און קינד" געוווּנען דעם ערשטן פּרייז אויפן שיקאַגער קונסט־פעסטיוואַל אַלס גוטער צוגאָב צו די פריערדיקע פּרייזן, וועלכע זי האָט באַקומען פון דעם Dunes art foundation, פון דעם מיטשיאַנאַ־טעאַטער און פון פיל אַנדערע קונסט־אויסשטעלונגען.

ווער עס וויל זען אַ באַשטימטע צאָל פון אירע אויסגעצייכנטע שאַפונגען, קען דאָס דערגרייכן באַזוכנדיק די ד׳רום־ברעגן־אויסשטעלונג, וואָס עפנט זיך די נאָענטסטע טעג".

„זעלטן ווען מען קען געפינען אַ סקולפּטאָר, וועלכער זאָל אַרבעטן מיט אַזאַ געשיקטקייט און מיט אַזאַ טעכניק, ווי די פרוי פּאַט. דאָס איז באַזונדער אומבאַגרייפלעך זינט זי האָט געווידמעט איר גאַנץ לעבן פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון איר אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט".

„זי אַרבעט אויס אירע סקולפּטורן פון בליי, שטיין, בראָנז, מאַרמאָר, טעררא קאָטאַ, פאַרביקן גיפּס און סקולפּטור־מעטאַל. זי מיידט אויס צו באַנוצן זיך מיט געצייג ווי עס טוען אַנדערע סקולפּטאָרן. זי טוט אַלץ מיט אירע הענט".

„אַפילו ווען איך אַרבעט מיט שטיין, פיל איך עס צאַרט אונטער מיינע הענט. איך אַרבעט איבער אים — זאָגט שרה פּאַט — ביז ער לעבט ביי מיר אויף, ביז ער באַקומט אַ האַרץ, ביז ער געשטאַלטעט זיך אין אַ רעאַלער פּער־זענלעכקייט".

„אירע ווערק ווערן דערוואַרבן דורך ענטוזיאַסטישע קונסט־פאַרערער אין גאַנצן לאַנד. זי יאָגט זיך ניט נאָך געלט און כבוד. איר איינציקער באַגער איז צו שאַפן, אַרויסצוברענגען אין אירע סקולפּטורן געשטאַלטן פון באַרימטע פּערזענלעכקייטן. איר כוונה איז, אַז די דאָזיקע געשטאַלטן זאָלן לעבן און אייב־

געקריצט ווערן אין זכרון. זי טוט אַלדאָס מעגלעכע, כדי צו הייבן דעם אָנזען פון דער קונסט אין די אויגן פון פאָלק און שטעלן זי אין דינסט פון זיין לעבנס־גוראַנגל".

ווען איך באַטראַכט אין אַ מינוט פון געדאַנקלעכער קאָנצענטראַציע און חשבון־הנפש די סיבות פון מיינע דערפאָלגן אויפן געביט פון מאָלעריי און סקולפּטור, קום איך צו דער איבערצייגונג, אַז מיר האָבן אַרויסגעהאָלפן שטאַרק דער פלייס און התמדה, וואָס ליגן אין שורש פון מיין פאַמיליע און פון מיין פאָלק און דער שטענדיקער ביט־געשטילטער ווילן צו לערנען, צו שטודירן, צו באַקענען זיך גרינטלעך מיט די פאַרשידענע טענדענצן פון דער היינטצייטיקער קונסט. איך האָב אויך געהאַט אין מיינע יוגנט־יאָרן גוטע לערער, וועמען איך פאַרדאַנק מיינע דערפאָלגן. און זאָל ביי דער איינציקאַרטיקער געלעגנהייט אויסגעדריקט ווערן מיין געדאַנק און אָנערקענונג. איך האָב שטודירט מאָלעריי ביי דויד בערזשערע, אַרבעט אין בליי — ביי מאַלווין בוש, אַרבעט אין ליים — ביי מרים פּערקינס, צייכענען — ביי פּראָפ. איגאָר וויינעס פון שיקאַגער קונסט־אינסטיטוט, און סקולפּטור — ביי עדוואַרד שאַסינג פון דעם זעלביקן אינסטי־טוט. אי דהאָב דערצו, פאַרשטייט זיך, ערנסט און פלייסיק זיך באַקענט מיט די קלאַסישע און מאָדערנע בעסערע שאַפונגען אויפן געביט פון אַלגעמיינער און יידישער קונסט, באַזוכט אויסשטעלונגען, געלעבט אין געזעלשאַפט פון קינסט־לער און קונסט־ליבהאָבער, אין דעם קלימאַט פון קונסט.

מיינע בילדער און סקולפּטור־אַרבעטן פון פאַרשידענע גרויסן און פון פאַרשידענע מאַטעריאַלן אויסגעפאַרטיקטע, אָנהייבנדיק פון גיפּס און ענדיקנדיק מיט בראָנז, שטיין און אייזן, באַצירן די סאַלאָנען פון קונסט־ליבהאָבער און פריינד. דאָס זענען צום גרעסטן טייל געשטאַלטן פון שאַפער, שרייבער און קולטור־טוער, יידישע און ניט־יידישע, קלאַסיקער און מאָדערנע, וועלכע איך האָב געהאַט דעם גרויסן זכות צו שטעלן אויף דעם דאָזיקן וועג זייערע העכסט פאַרדינטע מאָנומענטן.

דאָ סאָלידאַריזירן זיך דורות און קולטורן אין איין שעפערישער האַרמאָניע.

אַזוי זענען אויסגעשטעלט די וויכטיקסטע פון זיי:

**ביי מאַניע גיצים:**

1) מענדעלע מוכר ספרים.

2) איר ביוסט אין דער יוגנט.

**ביי קאַראָליין גראַף, סט. לואיס (מיסורי):**

1) אַ ייד דאַוונט. 2) אַ שעמעוודיקע פרוי (שטיין). 3) גאָלדע מאיר, איצט

פרעמיער־מיניסטער פון ישראל. 4) מיין מאַמע (פּאָרטרעט). 5) הערמאַן בוש (פּאָרטרעט). 6 ה' סלאַטניק פון סט. לואיס. 7) אַן אַמעריקאַנער בחור.

ביי ד״ר ראַלף גראַף, סט. לואיס (מיסורי):

1) רבי יוחנן בן זכאי. 2) רבי אליעזר. 3) מענדעלע מוכר ספרים. 4) דער דיכטער עדעלשטאַט. 5. ראובן ברייניז. 6) אַ ייד דאַוונט. 7) קריינדל גראַף, 8) משה רעזניקאָוו, פּרעזידענט פון דער געטאָ־פייערונג. 9) צוויי פּרויען־שוועסטער. 10) אַלבערט איינשטיין.

ביי אסתר און מאַרי וויינמאַן (לאָס אַנדזשעלעס):

1) אַלבערט איינשטיין. 2) שלום עליכם.

ביי ביילע יאַשין (שיקאַגאָ):

1) רבי עקיבא. 2) י. ל. פּרץ. 3) שלום עליכם. 4) איר זון (אין שטיין).

ביי ד״ר לובין (קאַליפאָרניע):

זיין ביוסט.

ביי דער פרוי מאַייערס:

וואָלט וויטמאַן.

ביי קאַרל סאַנדבורג:

זיין גיפּס־פיגור.

בייגינאַ מעדעם (לאָס אַנדזשעלעס):

איר ביוסט.

ביי דאָרע סטורמאַק (טשעסטערטאָן):

איר פּאָרטרעט.

ביי הערשל פּאַט (טאָראָנטאָ):

1) מענדעלע מוכר ספרים. 2) י .ל. פּרץ. 3) שלום עליכם.

ביי עלעם פּאַט:

זיין זון יצחק.

ביי לאה פעלדמאַן, שוועגערין פון לאה שייפער:

1) מאַרק טווען. 2) שלום עליכם און פאַרשידענע סקולפּטור־אַרבעטן.

ביי ד״ר הערמאַן מ. קאַמין:

אַלבערט איינשטיין.

אין זיין בריוו פון 4טן יאַנואַר 1962, שרייבט ד״ר קאַמין, אַז ער האָט דעם באַרעליעף „אויפגעהאַנגען אויף אַ בכבודיקן פּלאַץ איבער דער ביכער־שאַנק, וואָס אַנטהאַלט זיינע צום מערסטן געליבטע ביכער. איך בין שטאָלץ די סקולפּטור צו באַזיצן און וועל זי דורכויס קיכלען״.

ביי דער פרוי קאַפּמאַן:

איר פּאָרטרעט און פון איר ייִנגעלע.

ביי פּאַולין רוסקין:

איר פּאָרטרעט.

ביי עליי שייפערס:

מאַרק טווען און שלום עליכם.

איך האָב אויך אויסגעפּאַרטיקט באַרעליעפן פון זישע וויינפּער, פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, אַ ביוסט פון פראַנסבעמול, פון מיין טאָכטער קריינדעלע בעת זי איז אַרויס פון שפּיטאָל, און פון מיין אייניקל רייזעלע.

אַ טייל סקולפּטורן זענען קליש־ירט און געבראַכט אין מיין בוך.

דעם באַרעליעף פון שלום עליכמען האָט באַטראַכט זיין איידעם, דער זשורנאַליסט בן ציון גאָלדבערג און האָט אָפּגעמערקט די גרויסע ענלעכקייט.




# "FRIENDS OF BEZALEL"

Invite you and your friends

to a

## Memorial Meeting

to honor the late

## PROFESSOR BORIS SCHATZ

OF JERUSALEM, PALESTINE

at the

## ART INSTITUTE, FULLERTON HALL

Sunday, May 15 ... 8:15 P.M.



TEN MINUTES OF TRIBUTE

| | |
|---|---|
| Idealist and Organizer | Todros Geller |
| The Jewish Ambassador | Judge Harry M. Fisher |
| Bezalel | Mrs. Eli Daiches |
| The Nationalist | Max Shulman |
| The Teacher | A. Solodar |
| Contribution to Jewish Art | Mrs. Sarah Patt |
| The Humanitarian | Mrs. Moses L. Purvin |
| As I Knew Him | Judge Philip Bregstone |

PRAYER ... MUSIC ... CHOIR

Thereminist - - - - - - - - - Miss Elena Moneak




שרה פאַט שטעלט פאָר אין בילד די לעגענדע וועגן דער באַגעגעניש פון שלום עליכם מיט מאַרק טוועין



אַלבערט איינשטיין



פּאַולין רוסקין



וואָלט וויטמאַן

אַלבערט איינשטיין
אין מעטאַל



שלום-עליכם





דויד בן גוריון



שלום-עליכם

# אויסשטעלונגען און פאָרלעזונגען

אַ גרויס אָרט אין שרה פאַטס קינסטלערישן לעבן האָט געהאַט איר פּעריאָ־דישע באַטייליקונג אין די קונסט־אויסשטעלונגען, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פיל יאָרן. טשעסטערטאָן אין אינדיאַנאַ איז געווען דער אידעישער צענטער פון קונסט. דאָרט פלעגן זיך פון יאָר צו יאָר טרעפן די בעסטע קינסטלער פון אַמעריקע, דאָרט פלעגן אָרגאַניזירט ווערן פון יאָר צו יאָר אויסשטעלונגען און ירידן פון אַלערליי אַרטן קונסט און האַנטווערק. עלטערע און ייִנגערע קינסטלער פלעגן זיך דאָרט צוזאַמענטרעפן, אינספּירירט ווערן אין זייער שאַפן, געפינען די געהעריקע אָפּשאַצונג מצד קונסט־ליבהאָבער און פאַרשפּרייטן צווישן זיי זייערע שאַפונגען. דאָרט פלעגן אויך פאַרטיילט ווערן פרייזן פאַר די אייגצלנע בעסערע שאַפונגען אויף אַלע געביטן פון קונסט.

שרה פאַט פלעגט דאָרט סיסטעמאַטיש אויסשטעלן אירע סקולפּטורן פאַר די יאָרן 1959—1969 האָט שרה פאַט אויסגעשטעלט אירע אויסדערווײילטע סקולפּטורן פון גיפּס, בליי, קאַלכשטיין, בראָנז, שטיין און סקולפּטור־מעטאַל אין די יערלעכע טשעסטערטאָנער אויסשטעלונגען און קונסט־ירידן און האָט יעדעס מאָל באַקומען פרייזן לויט דער רעקאָמענדאַציע פון דער דירעקטאָרין פרוי פראַנסעס סטריין־ביזעל.

אויף דער ספּעציעלער ייִדישער קונסט־אויסשטעלונג, וואָס איז פאַראַנ־שטאַלטעט געוואָרן אין דער שיקאַגער עפנטלעכער ביבליאָטעק אין דער אַלבאַ־ני־פּאַרק־אָפּטיילונג, האָט זי אויסגעשטעלט ביוסטן פון י. ל. פּרץ, מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, אַלבערט איינשטיין און אַנדערע.

דעם 21סטן אויגוסט 1960, האָט זיך שרה פאַט באַטייליקט אין דער צווייטער אויסשטעלונג פאַר קונסט און האַנטווערק.

אין יאָר 1969, אין דער אויסשטעלונג פון דער Gary artists leage האָט
האָט שרה פּאַט אויסגעשטעלט די סקולפּטור „דער מוטערס זאָרג״ און אַנדערע
פיגורן פון קאַלכשטיין.

אין יאָר 1964 האָט אויסגעשטעלט אויף דער זיבעטער יאָריקער אויסשטע-
לונג פון דער Dunes art foundation איר „פאַמיליע-גרופּע״.

אין זעלבן יאָר, 1964, האָט זי זיך באַטייליקט אין דעם טשעסטערטאָנער
קונסט-יריד פון קינסטלער פון דער פּארטער געגנט.

אין זעלבן יאָר, דעם 8טן אַפּריל, האָט זי געהאַלטן, אין דער היים פון פּרוי
ראָבערט לאַפּאַיעט, אַ רעפעראַט וועגן דער „דערציאונג פאַר סקולפּטור״, ווו זי
האָט געשילדערט די געשיכטע פון דער סקולפּטור-קונסט זינט די ערשטע פּרי-
מיטיווע צייטן ביזן היינטיקן טאָג און האָט פאַרבעטן אירע צוהערער צו באַזוכן
דעם שיקאַגער קונסט-אינסטיטוט און צו באַקענען זיך מיט אירע פּערזענלעכע
סקולפּטור-אַרבעטן.

דעם 15טן אַפּריל פון זעלבן יאָר האָט זי ווידער געהאַלטן אַ פאַרלעזונג אין
דער היים פון פרוי לאַפּאַיעט וועגן דער גרויסער דייטשישער קינסטלערין פון
פאַריקן יאָרהונדערט קעטאַ קאָלוויץ. זי האָט אויך אויפגעקלערט ווי מען דאַרף
זיך ראַציאָנעל באַנוצן מיט די מאַטעריאַלן און ווערקצייג צו דער סקולפּטור-
אַרבעט.

אין יאָר 1965 האָט זיך שרה פּאַט באַטייליקט אין דער פּערטער יאָריקער
אויסשטעלונג פון דער Jury show Dunes arts foundation.

אין יאָר 1966 האָט זי זיך באַטייליקט און פּרעמירט געוואָרן אין דער
פינפטער טשעסטערטאָנער קונסט-אויסשטעלונג.